№ 32.

אברהם רעוואוצקי.

# פון באַלפור ביז סאַמיועל

(צוויי דעקלאַראַציעס).




תרפ״א. 1921.

ס'איז געווען אין הערבסט 1917.

אין רוסלאַנד איז נאָר וואָס אונטערדריקט געוואָרן קאָרני-לאָווס אויפשטאַנד, דער לעצטער שטאַרקער פרוב ווידער אַריינצו-שפּאַנען רוסלאַנד אין וואָגן פון אירע אימפּעריאַליסטישע פּאַרבינ-דעטע. די קערענסקי-רעגירונג האָט געגוסטט און די מאַכט פון די באָלשעוויקעס האָט זיך אָנגערוקט מיט דער גרעסטער שנעלקייט.

די מיליאָנען - גרויסע רוסישע אַרמיי איז געוואָרן אומפעיק ווייטער צו קעמפן פאַר די צוועקן, צוליב וועלכע זי איז באַשאַפן געוואָרן. די 90 דייטש-עסטרייכישע דיוויזיעס, וואָס זענען געשטאַ-נען אויפן רוסישן פראָנט, האָבן געהאַלטן ביי פריי-ווערן, און די גרויסע אַמעריקאַנישע אַרמיי, וואָס האָט געזאָלט פאַרבייטן דאָס צאַריסטישע רוסלאַנד אינם „קאַמף פאַר ציוויליזאַציע", האָט נאָך געהאַלטן ביים פאָרמירט ווערן אויף יענער זייט אָקעאַן.

היסטאָריקער, סטראַטעגן און סתם אַלץ-ווייסערס באַווייזן איצט מיט אותות ומופתים, אַז דייטשלאַנד האָט געמוזט קריגן די מפּלה, אַז זי האָט נישט געהאַט קיין איין שאַנס אויף נצחון, אַז זי איז באַזיגט געוואָרן שוין אינם טאָג פון איר קריגס - ערקלערונג. סיקאָן זיין—זיי האָבן רעכט. אָבער דאָס בייט גאָרנישט אינם פאַקט, אַז די צווייטע העלפט פון יאָר 1917 איז געווען פאַר דער קאָאַליציע אַ ביטער שטיקעל צייט. פאַר דעם דרויסנדיקן עולם האָט מען געקניפּן די באַקן, אָבער ביי זיך אין די חדרי-חדרים פון די גע-נעראַל-שטאַבן און דיפּלאָמאַטישע קאַנצעלאַריעס האָט מען פאַר-בראַכט נישט ווייניק יאושדיקע טעג און שלאָפלאָזע נעכט. אויף אַ נצחון אין דעם פאַרנעם, ווי ער איז אַרויסגעקומען, האָט מען זיך דעמאָלט על כל פנים נישט גערעכט.

די ענגלישע דיפּלאָמאַטיע, וואָס האָט אָנגעפירט די פּאָליטי-שע עסקים פון דער „אַנטאַנט" האָט אין דעם דאָזיקן געפערלעכן מאָמענט געזוכט פריינט, ווו נאָר זי האָט געקאָנט.

קיין איין פּאָליטישער אָדער מיליטערישער כח—ווי קליין ער זאָל נישט זיין—איז אין די שווערע טעג נישט אַוועקגעמאַכט געוואָרן מיט דער האַנט. מען האָט זיך צו אַלע געחנפעט, יעדן צוגעזאָגט, יעדן אין הימעל געהויבן.

און אין די דאָזיקע טעג איז אנטשטאַנען די באַלפור-דעקלאַראַציע...

---

די לעגענדע וועגן דער מאַכט פון יידן אַלס איינהייטלעכן קיבוץ איז נאָך עד היום פאַרבליבן אין די פּאָליטישע קרייזן פון די אומות העולם—סיי פריינטלעכע, סיי פיינטלעכע. פון דעם דאָזיקן גלויבן—דעם גלגול פון דער אַמאָליקער קהל-לעגענדע—זענען נישט פריי די קליגסטע פּאָליטישע קעפּ פון דער היינטיקער וועלט. און דער געדאַנק וועגן דעם, אַז יידן, צוליב דאַנקבאַרקייט פאַר דער הבטחה פון ארץ-ישראל, וועלן אין פאַרשידענע לענדער שטיצן מיט מער ענערגיע אָדער באַקעמפן מיט ווייניקער האָס די פּאָליטיק פון דער אַנטאַנט, האָט אין די דעמאָלטיקע שווערע טעג נישט עטאָרט סתם איג נאַרירט ווערן.

די מער גלייבנדיקע האָבן געטראַכט, אַז איצט, באַקומענדיק אַן אייגענעם „קריגס-צוועק״, וועלן יידן אין רוסלאַנד אָנהייבן געשלאָסן צו שטיצן די רעגירונג פון קערענסקי, וואָס האָט זיך געצאַפּלט אין די לעצטע יסורים, און אפשר דערמיט פאַרלענגערן איר קיום אויף אַ פּאָר חדשים, ביז די אַמעריקאַנער ארמיי וועט אונטערקומען. די ווייניקער גלייבנדיקע האָבן אַלענפאַלס גערעכנט, אַז דער ענטוזיאַזם, וואָס די באַלפור-דעקלאַראַציע וועט אַרויסרופן ביי יידן, וועט ווירקן אויף אַ געוויסן טייל פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, וואָס איז נאָך נישט אַריינגעפאַלן אינם טומעל פון קריגס-באַגייסטערונג.

די דאָזיקע הויפּט מאָמענטן, וואָס האָבן באַשטימט די דעקלאַראַציע פון 2-טן נאָוועמבער 1917, האָבן באַזונדערס שטאַרק געווירקט דערפאַר, ווייל דער צוזאָג אליין פאַר זיך איך אָנגעקומען גאַנץ גרינג. פּאַלעסטינע איז נאָך נישט געווען אין די ענגלישע הענט, און אויב זי וואָלט עראָבערט געווען, איז נאָך געווען עטוואָס אויף וואָס זי אויסצובייטן ... און אמגרינגסטן, באַקאַנטלעך, זאָגט מען צו זאַכן, בעת מען פאַרמאָגט זיי נאָך נישט. האָט דאָך אַ פּוילישער שליאַכטשיץ, לויט אַ ראָמאַן פון שענקעוויטש, געשענקט דעם שוועדישן קעניג גאַנץ נידערלאַנד...

און אַזוי ארום איז דער בריוו צו לאָרד ראָטשילד אָנגעשריבן געוואָרן...

---

און מיט אַ יאָר פריער האָט ענגלאַנד אונטערגעחתמעט אַן

אַנדער אָפּמאַך וועגן פּאַלעסטינע, ס'איז געווען זומער 1916. גראָד ערב רומעניעס אַריינטרעטן אינם וועלט-קריג. אין די פּאָליטישע קרייזן פֿון דער אַנטאַנט האָט מען זיך מיט אַ געוויסן ערנסט באַצויגן צו די באַרימערייען פֿון יאָן בראַטיאַנו און טאקע יאָנעסקו, וועגן די „600,000 דאַקישע העלדן, וואָס וועלן זיך אַ וואָרף-טון ווי אָדלערס איבערן ברידערלעכן טראַנסילוואַניע צו די טאָלן פֿונם „באַרבאַרישן מאַדיאַרן-לאַנד". די וואַקלדיקע ליניע פֿון די קריגס-שאַנסן האָט געהאַלטן אויף איינעם פֿון אירע העכסטע פּונקטן.

אין אַזאַ מאָמענט, ווען די שאַנסן אויף צוטיילן דעם בערס פעל זענען געשטאַנען הויך, זענען די הויפּט-מאַכטן פֿון דער אַנטאַנט מושווה געוואָרן וועגן דעם אָפּמאַך פֿון סייקס-פּיקאָ, וואָס פֿאַרנעמט זיך ספּעציעל מיט דער פֿאַרטיילונג פֿון א"י. לויטן דאָזיקן פֿאַרטראַג האָט פֿראַנקרייך באַקומען אַלס ספֿערע פֿון השפּעה צוזאַמען מיט סיריע אויף דעם צפֿונדיקן טייל פֿון ארץ-ישראל — צום צפֿון פֿון דער ליניע עכו — ים-כנרת. ענגלאַנד האָט געזאָלט באַקומען דעם איבעריקן טייל פֿון א"י, חוץ ירושלים. ירושלים און איר געגנט — חברון, בית-לחם, יריחו — האָבן געזאָלט אַריינקומען אונטער דער השפּעה פֿון רוסלאַנד דעם דעמאָלטיקן צאַרישן רוסלאַנד.

וועגן יידן איז אין פֿאַרטראַג פֿון סייקס-פּיקאָ קיין איינציק וואָרט נישטאָ. און דאָס איז באַזונדערס מערקווירדיק דערפֿאַר, ווייל צו יענער צייט האָבן ציוניסטישע לעגיאָנערן שוין געהאַט געטריבן מויל-אייזלן אויף גאַליפּאָלי, און אין לאָנדאָן האָט מען שוין געטרונקען טיי מיט ענגלישע לאָרדן און אויסגעהערט פֿון זיי זיסע קאָמפּלימענטן אויפֿן אַדרעס פֿונם יידישן פֿאָלק... און אין דער ציוניסטישער פּרעסע זענען שוין דעמאָלט געווען רמזים און אָנצוהערענישן אויף וויכטיקע באַשלוסן אין לאָנדאָן בנוגע א"ץ- ישראל אַלס יידישן צענטער.

---

ס'אַנטשטייט דעריבער פֿון זיך אַליין די קשיא: מה נשתנה? וואָס האָט זיך געביטן אין דער צייט צווישן דעם פֿאַרטראַג פֿון סייקס-פּיקאָ און דער דעקלאַראַציע פֿון 2 נאָוועמבער? פֿאַרוואָס זענען די יידן, וואָס זענען געווען דער „אבן מאסו הבונים" אין דער צייט פֿון סייקס-פּיקאָ, פּלוצים דערהויבן געוואָרן צו דעם „ראש-פּנה" אין באַלפֿור-דעקלאַראַציע?

א פֿרום-גלייביקער ציוניסט וועט ענטפֿערן אויף דער דאָזיקער פֿראַגע מיטן אָנווייז אויף דער דיפּלאָמאַטישער גאונות פֿון פּראָפֿ. חיים ווייצמאַן. דאָס איז אָבער א תשובה פּאַר מענשן, וואָס פֿאַרשטייען נישט דעם צוזאַמענהאַנג צווישן גרויסע ערשיינונגע

און קליינע פּאַסירונגען.

דער ריכטיקער ענטפער איז אַן אַנדערער. אין דער צייט צווישן דעם אָפּמאַך פון סייקס-פּיקאָ און באַלפורס דעקלאַראַציע איז פּאָרגעקומען די רוסישע רעוואָלוציע. פּראָקלאַמירנדיק דעם לאָזונג: „אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס", — איז רוסלאַנד נאָך פאַרן באָלשעוויסטישן אויפשטאַנד פּרייוויליג אַרויס פון דער צאָל פּרעטענדענטן אויף דער סיריש-פּאַלעסטינישער ירושה. און די ירושה אַליין איז אין צוזאַמענהאַנג מיט די געשעענישן אין רוסלאַנד, געוואָרן אַן אומזיכערע. ביי דער דעמאָלטיקער מיליטערישער סיטואַציע, האָט מען זיך געמוזט רעכנען ערנסט אויך מיט ווילסאָנס פּרינציפּן. דער פּלאַן וועגן אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים איז געווען אַ גאַנץ גוטער שירם, אונטער וועלכן מען האָט געקאָנט אַלטע אַספּיראַציעס צופּאַסן צו נייע פאָרמען...

און ווען מיר הערן ציוניסטן, אמאָליגע ליבעראַלן, קריצן מיט די ציין אויף דער רוסישער רעוואָלוציע, ווילט זיך זיי אַ פּרעג טון:

—„ווי מיינט איר, רבותי, וואָלט באַלפורס דעקלעראַציע מעגלעך געווען אָן דער רוסישער רעוואָלוציע? זייט איר זיכער אין דעם, אַז אָן דער רוסישער רעוואָלוציע וואָלט ירושלים בלייבן אריין אין יידישן „תחום המושב?"

און איז דען נישט פון די דאָזיקע פּראַגן איין שריט צום געדאַנק, אַז דער פּראָלעטאַרישער קלאַסן-קאַמף, וואָס איז, אין פאַרשידענע פאָרמען, דער איינציקער פּראָגרעסיווער פאַקטאָר אין דער היינטיקער וועלט, האָט שוין באַשטימט אין עבר און וועט נאָך מער באַשטימען אין דער צוקונפט אויך דעם גורל פון ציוניזם?

---

די מלחמה האָט זיך געענדיקט פאַר די פאַרבינדעטע פיל גלענצענדער, איידער זיי האָבן זיך דאָס אין יאָר 1917 פאָרגעשטעלט. דייטשלאַנד, פאַרבלענדט דורך רעאַקציאָנערער גאווה האָט נישט אויסגענוצט די לעצטע גינסטיקע געלעגנהייט — שליסן אַ דעמאָקראַטישן [שלום אין מזרח, כדי צו עפענען פאַר זיך פּסיכאָלאָגיש דעם וועג צו אַ בכבודיקן שלום אין מערב. נאָך בריסק איז לאָגיש-אומפאַרמיידלעך געקומען דער שלום דער שלום פון ווערסאַל. ארץ-ישראל איז צוזאַמען מיט איינציגע אַנדערע לענדער פאַרבליבן פעסט אין ענגלישע הענט.

ערשט איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין ענגלאַנד זענען נישט אַלע באַגייסטערט פאַר באַלפורס דעקלאַראַציע. מעכטיקע מיליטערישע און פּאָליטישע קרייזן, וואָס האָבן זיך באַצויגן צו דער אידעע פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים אַקאַדעמיש גלייכגיל-

סיק, כל-זמן דער גורל פון ארץ-ישראל איז נאָך נישט געווען ענדגילטיק באַשטימט, האָבן איצט אָנגעהויבן פירן קעגן איר אַ ביטערן קאַמף. אפילו קינדער אין ארץ-ישראל ווייסן, אַז פעלדמאַרשאַל אַלענבי, דער זיגער פון פּאַלעסטינע, געהערט צו די אַנטשיידנסטע קעגנער פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ-ישראל. די מיליטערישע פאַרוואַלטונג פונם לאַנד, וואָס איז ביז יוני 1920 געווען אין זיין רשות, האָט פּאָרזיכטיק, אָבער סיסטעמאַטיש צוגעגרייט דעם באָדן פאַר יידן-פיינטלעכע אַרוסטרעטונגען אינם לאַנד.

די קעגנער פון באַלפורס דעקלאַראַציע, צו וועלכע ס'געהערן די גרעסטע ענגלישע קאָלאָניאַלע אויטאָריטעטן —, לאָרד קערזאָן, דער איצטיקער מיניסטער פאַר אויסערלעכע ענינים, סער מאַנטעגיו דער שטאַטס-סעקרעטאַר פאַר אינדיע, און די מערסטע קאָנסערוואַטיווע פּאָליטיקער אין ענגלאַנד באַגרינדן זייער קעגנערשאַפט מיט גאַנץ וויכטיקע, פון זייער שטאַנדפונקט, אַרגומענטן. פון איין זייט טענהן זיי, אַז ענגלאַנד טאָר בשום אופן נישט אָפּטרעטן פון איר טראַדיציאָנעלער אַראַבישער פּאָליטיק אין נאָענטן מזרח. יעדער שריט, וואָס ברענגט ענגלאַנד אין אַ קאָנפליקט מיט איצטיקע אָדער צוקונפטיקע אַראַבישע אַספּיראַציעס, איז שעדלעך פאַר אירע קאָלאָניאַלע אינטערעסן. פון דער אַנדערער זייט האָבן זיי מורא, אַ די אימיגראַציע פון מזרח-יידן קיין א״י קאָן ברענגען מיט זיך אינם נאָענטן מזרח די געפערלעכע באַצילן פונם באָלשעוויזם...

לאָרד אַלענבי האָט באַזונדערע ספּעציעלע מאָטיוון, כדי אויפצוטרעטן קעגן דער יידנפריינטלעכער פּאָליטיק אין ארץ ישראל. זי שטייט אין אַ פולער סתירה צו זיין אייגענער קריגס-פּאָליטיק. מיטן שטילן וויסן אָבער אָן דער פאָרמעלער צושטימונג פון דער ענגלישער רעגירונג, האָט ער דורך זיין אַגענט—קאָלאָנעל לאָרענס, געגעבן דער העדזשאַסער דינאַסטיע אין מעקאַ גרויסאַרטיקע הבטחות. די אָריענטאַלישע פאַנטאַזיע פונם עמיר פייזול, וואָס איז דערהויבן געוואָרן פון אַראַבישן וויסטן-שטויב צום ראַנג פון אַן ערשט-קלאַסיקער פּאָליטישער פּערזענלעכקייט, האָט שוין געמאָלט פאַר זיך דאָס בילד פון אַ מעכטיקן אַראַבישן קעניגרייך, וואָס וועט זיך ציען פון מאָסול ביז אַדען און פונם טאַוורוס ביזן פּערסישן גאָלף. האָט איצט פייזול פּרעטענזיעס. אין אַלענבי, צוליב דעם פאַרטראַג פון סייקס-פּיקאָ און דער באַלפור דעקלאַראַציע, שטייט אין דער לאַגע פון אַ מענשן, וואָס קאָן נישט באַצאָלן זיינע אייגענע וועקסלען. דאָס וואָלט אים אפשר ווייניקער געאַרגערט, ווייל אין פּאָליטישן לעבן זענען די ערן-באַגריפן—אפילו ביי ענגלישע דזשענטלמענס—עטוואָס פריער, איידער אין פּערזענלעכע ענינים... דער עיקר אָבער איז, וואָס לאָרד אַלענבי, און מיט אים

פיל איינפלוסרייכע לאנדאנער פאליטיקער, האלטן זיין קריגס פאליטיט פאר די בעסטע אויך אין שלום-צייטן.

די אפיציעלע ענגלישע רעגירונג האט צו דער דאזיקער גאנצער פראגע א וויניקער בולטע און קלארע שטעלונג ווי די קעגנער פונם מאנדאט. בעת מען האט באלפורס דעקלאראציע ארויסגעגעבן. האט מען אינם עצם-ענין זיך נישט טיף אריינגעטראכט. בדיעבד האט מען אבער אין דער אידעע פון דער יידישער היים אין א"י געפונען א סך פאזיטיווע מאמענטן. א געשלאסענער יידישער ישוב אין פאלעסטינע מוז ווערן א שטארקע מניעה פאר א צוקונפטיקער פארייניקונג פון די אראבישע לענדער. ער קאן ווערן א וויכטיקע שוץ-מויער אויפן צפונדיקן ברעג פון סועץ-קאנאל. דער יידישער ישוב אין א"י וועט אלנפאלס נישט זיין אויף אזוי פיל צאלרייך, אז ער זאל קאנען האבן אייגענע אימפעריאליסטישע אספיראציעס. און ווען עגיפטן זאל דערגרייכן צו אמתער זעלבשטענדיקייט, וועט די ענגלישע ארמיי, וואס וועט בלייבן אויף דער אנדערער זייט פון סועץ-קאנאל (האלב-אינזל סני) זיך פילן פיל שטארקער ווען זי וועט זיין אין איר רוקן אפגעטיילט פון אנדערע אראבישע לענדער דורך א ברייטן פאס פון יידישע קאלאניעס.

דאס איז, אין פאל ווען יידן וועלן יא זיין אימשטאנד צו פארווירקלעכן די אידעע וועגן דער נאציאנאלער היים, און אויב נישט—אין די ענגלישע רעגירונגס-קרייזן רעכנט מען זיך שטארק אויך מיט דער דאזיקער צווייטער מעגליכקייט—האט דאך ענגלאנד גארנישט אנגעווארן. זי האט איר ווארט געהאלטן, זי האט אירע התחייבותן מקיים געווען, און אויב די יידן זענען א לא-יצלח-פאלק דארפן זיי זיך אליין באשולדיקן...

כאטש דעקלאראציעס זענען טאקע שטיקלעך פאפיר, פונדעסטוועגן צורייסט מען זיי נישט אן באשטימטע וויכטיקע סבות. אין „דאונינג-סטריט" זעט מען נישט די דאזיקע סבות. ענגלאנד איז נאך געגוג שטארק, כדי אירע התחיבותן צו האלטן — וויניקסטענס פארמעל.

האכן די פארעקשנטע קעגנער פון דער יידישער קאלאניזאציע אין פאלעסטינע געמוזט שאפן א וויכטיקע סבה, וואס זאל אפילו פאר די קאלטבלוטיקסטע פאליטיקער פון דאונינג-סטריט זיין א גענוגנדע „Force majeure", וואס זאל בארעכטיקן די אפרוקונג פון דער באלפור-דעקלאראציע. דאס איז געווען דער קלארער פאליטישער צוועק פונם פאראיאקן ירושלימער פאגראם. דאס פארהאלטן-זיך פון דער מיליטערישער מאכט, סיי בעתן פאגראם און סיי גלייך נאך אים איז געווען נישט בעסער. ווי די אויפפירונג פון דער רוסישער אדמיניסטראציע בעת די פאגראמען,

פֿון פלעווּעס צייטן. סיי דאָס דאָזיקע פֿאַרהאַלטן און סיי אויך פֿאַרשידענע אַנדערע מאָמענטן לאָזן נישט איבער קיין קלענסטן ספק איבער דעם, וועד זענען געווען די גייסטיקע איני־ציאַטאָרן פֿון די ירושלימער געשעענישן.

די אינספּיראַטאָרן פֿון ירושלימער פּאָגראָם האָבן אָבער נישט גאַנץ געטראָפֿן אין זייער חשבון. פֿון איין זייט זענען טאַקע דורך אים פֿאַרשטאַרקט געוואָרן די ספקות פֿון די אָפּיציעלע רע־גירונגס־קרייזן, וואָס זענען אויך פֿריער נעווען גענוג שטאַרק; אָבער פֿון דער אַנדערער זייט האָט דער ירושלימער פּאָגראָם אַרויסגערופֿן אַן אויפֿרעגונג און סימפּאַטיעס צו יידן פֿון פֿאַרשי־דענע, ביז אַהער נייטראַלע, זייטן. די אינסצענירונג פֿונם ירושלימער פּאָגראָם איז בכּלל געווען צו גראָב און בולט, אום ער זאָל קאָנען אויסגענוצט ווערן אַלס אַן אַנטשיידענדער פֿאַקטאָר אינם פֿיינעם ענגלישן פּאָליטישן שפּין־געוועב.

און דאָך איז איצט שוין נישט־קיין סוד, אַז ערב סאַן־רעמאָ האָט עס שמאָל געהאַלטן מיט די יידישע פּונקטן אינם פּאַלעסטינע־מאַנדאַט. אין גוט אינפֿאָרמירטע הינטערקוליסן־קרייזן ווערט מיט באַשטימטקייט באַהויפּטעט, אַז ס'איז שוין געווען אַ מאָמענט, ווען דער פּראָיעקט פֿונם מאַנדאַט איז צוגעגרייט געווען אָן די יידישע פּונקטן. און ווער וייס, צי די שליחות פֿון חיים ווייצמאַן און הערבערט סעמועל, וואָס זענען געקומען קיין סאַן־רעמאָ אינם שפּאַנענדסטן מאָמענט, וואָלט געקרוינט געווען מיט ערפֿאָלג, ווען נישט די קאַטעגאָרישע טעלעגראַמע פֿון דער לייבאָר־פּאַרטיי, וואָס האָט פֿאַרלאַנגט פֿון ענגלישן פּרעמיער די ערפֿילונג פֿון זיינע הבטחות.

און דאָ אינם אַנטשיידנדן געשפּרעך צווישן לאָיד־דזשאָרדזש און הערבערט סעמועל איז אַנטשטאַנען דער פּלאַן, אַז סעמועל זאָל ווערן דער בריטישער „היי־קאָמישיאָנער" (הויכער קאָמיסאַר) מענשן, וואָס זענען בכּלל גוט אינפֿאָרמירט, זאָגן, אַז לאָיד־דזשאָרדזש האָט דאָס דירעקט געפֿאָדערט, אַז ער האָט דאָס כמעט אַוועקגעשטעלט אַלס תּנאי.

נישט אומזיסט שמ'ט לאָיד־דזשאָרדזש פֿאַרן קליגסטן שטאַטס־מאַן פֿון דער היינטיקער בירגערלעכער וועלט. באַשטימען דעם גנב פֿאַר אַ וועכטער — איז דאָס בעסטע מיטל אָפּצוהיטן די פּירות פֿונם גאָרטן. הערבערט סעמועל, אַלס ייד און ציוניסט, וועט מוזן שטאַרקער אָפּהיטן אַראַבישע אינטערעסן און אָפּטער פֿאַר־בייגן יידישע, איידער דאָס וואָלט געטון אַן אומפּאַרטיישער, עט־חאָס יידנפֿריינטלעכער, עכט ענגלישער אַדמיניסטראַטאָר. און צווייטנס, איז ללאָיד־דזשאָרדזש אַליין, ווי עס זעט אויס, אַ קנאַ־פּער מאמין אינם ערפֿאָלג פֿון ציוניזם.

אַ טיפֿער פּסיכאָלאָג, האָט ער באַלד באַגריפֿן דעם פּראַק־

טישן מהות פון די, וואָס האָבן מיט אים פאַרהאַנדלט אין נאָמען פון יידישן פאָלק... ווייל ער שאַפן אַזאַ לאַגע, ביי וועלכער דער דורכפאַל פון דער מאַנדאַט-פּאָליטיק זאָל בשום-אופן נישט קאָנען פאַרשריבן ווערן אויף ענגלאַנדס חשבון.

האָט הערבערט סעמועל די כוונה פאַרשטאַנען? משמעות, יאָ. אָבער ראשית האָט מען דאָס פון אים געפאָדערט. און — דער עיקר — האָט ער דעמאָלט שטאַרק געגלויבט אין די כחות און אינם חילן פונם יידישן פאָלק. ער האָט אים נאָך ווייניק געקענט...

דער מאַנדאַט איז אָנגענומען געוואָרן און הערבערט, סעמועל איז באַשטימט געוואָרן צום ערשטן „היי-קאָמישאָנער" אין א"י.

ווי מיר זעען, זענען די מאָטיוון, וואָס האָבן געשטופּט די ענגלישע רעגירונג אַרויסצולאָזן באַלפורס דעקלאַראַציע און איבערחזרן זי דערנאָך אין דעם שלום-פאַרטראַג מיט טערקיי (טראַקטאַט פון סעוור) — זייער ווייט פון אידעאַליזם, פון גערעכ-טיקייט. זיי זענען, פאַרקערט, דיקטירט דורך די אינטערעסן פון דער ענגלישער קאָלאָניאַלער און אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק.

דער ענגלישער אימפּעריאַליזם איז אָבער ביי דער היינטיקער וועלט-לאַגע ר ע אַ ק צ י אָ נ ע ר אין ק אָ נ ט ע ר - ר ע וו אָ ל ו צ י אָ-נ ע ר. איז פון דעם נישט געדרונגען, אַז די אידעע וועגן יידישער נאַציאָנאַלער היים אין א"י, וואָס איז איצט פון אים סאַנקציאָנירט, איז אויך רעאַקציאָנער און קאָנטער-רעוואָלוציאָנער?

דעם דאָזיקן, דוכט זיך גאַנץ לאָגישן, פּועל-יוצא מאַכן טאַקע הונדערטער צי טויזנטער יידישע אַרבעטער אין גלות, וואָס קומען דעריבער צו אַ פיינטלעכער באַציונג צום גאַנצן ציוניזם. און דאָך מאַכן זיי אַ גרינטלעכן טעות. ווייל די געשיכטלעכע לאָגיק איז פיל טיפער אורפּאַרפלאָנטערטער, איידער דאָס ווייזט זיך אויס אויפן ערשטן קוק.

עפּאָכן, וואָס מוזן שטאַרבן, שיטן אָפטמאָל אַליין ערד אויף זייער קבר. די פּאָליטיק פון אַ זעלכע עפּאָכן ד ע ר ג ר י י כ ט נ י ש ט ש ט ע נ ד י ק דאָס, וואָס זי וויל. ווי אָפט האָט זיך שוין געטראָפן אין דער געשיכטע, אַז „מעז יצא מתוק", אַז פון רעאַק-ציאָנערסטע קאָמפּלאָטן זענען אַרויסגעקומען די פּראָגרעסיווסטע ערשיינונגען.

כדי נישט ווייט אין דער געשיכטע צוריקצוקוקן, נעמען מיר אַלס ביישפּיל אַ פּאָליטישן אַקט פון די לעצטע חדשים. מיר מיינען דעם ר ו ס י ש - ע נ ג ל י ש ן ה אַ נ ד ל ס - פּ אַ ר ט ר אַ ג. דאָס קאַפּיטאַליסטישע ענגלאַנד, אונטערחתמענדיג אַ האַנדלס-אָפּמאַך מיטן רויטן סאָוויעט-רוסלאַנד, האָט געוויס אין זינען צו פאַרניכ-טן דערמיט די ראַטן-מאַכט. לויט דזשאָרזש גלייבט אין דעם כח און אין דער צוקונפט פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט און איז

דעריבער איבערצייגט, אַז קוים וועט זיך ווידער עפֿענען דאָס פֿענס־טער פֿון רוסלאַנד קיין מערב-אייראָפּע, וועט דער נאָך שוואַכער ראַטן-רעזשים גלייך פֿאַרקילט ווערן צוליב דעם פֿרישן צוג, וואָס וועט אַרייַנקומען... און לענין, וואָס האָט אָנגעשריבן דעם זעלבן האַנדלס-פֿאָרטראַג, מיינט דעם היפּוך.

איינער פֿון זיי מאַכט געוויס אַ טעות, אָדער לאָיד-דזשאָרזש אָדער לענין. איז לאָיד-דזשאָרזש גערעכט, דאַן איז לענין אומבאַ־וווסט פֿאַר זיך אַליין, דער פֿאַררעטער פֿון דער סאָציאַלער רע־וואָלוציע. אויב אָבער לענין איז גערעכט, אויב די פּאָליטישע לאַגע אין אייראָפּע איז באמת רייף פֿאַר אַ רעוואָלוציע, אויב דאָס עקאָ־נאָמישע סיסטעם פֿון רוסלאַנד וועט פֿאַרשטאַרקט ווערן באמת פֿונם האנדל מיט אויסלאַנד, — דאַן, דאַן האָט די ענגלישע פּאָליטיק דערגרייכט פּונקט דעם היפּוך פֿון דעם, וואָס זי האָט אין זינען געהאַט.

ס'איז, דעריבער, קלאָר, אַז כּדי צו נעמען אַ שטעלונג בנוגע דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע איז גאָרנישט אַזוי וויכטיק צו וויסן, וואָס די ענגלישע אימפּעריאַליסטן מיינען דערמיט. פֿיל וויכטיקער איז צו וויסן, וואָס יידישע אַרבעטנדע מענש וועלן דאָרט טוען און אין וואָס פֿאַר אַ ריכטונג וועט די אַנטוויקלונג פֿון דער וועלט אין דער נאָענטער צוקונפֿט אַוועקגיין...

אַגבֿ, טאָר מען אויך נישט פֿאַרגעסן, אַז בנוגע דער פֿראַ־גע וועגן יידישן צענטער אין א״י איז דער ענגלישער אימפּעריאַ־ליזם גופֿא צוטיילט אויף צוויי לאַגערן. און ס'איז נאָך אַ גרויסער ספֿק, ווער האָט אין דעם פֿאַל ריכטיקער אָנגעכאַפּט די אינטערע־סן פֿון דער ענגלישער רעאַקציע: אַלענבי אָדער באַלפֿור...

---

גלייך נאָכן נצחון פֿון סאַן-רעמאָ האָט גענעראַל באָלס, וואָס איז דעמאָלט געווען דער גענעראַל-גובערנאַטאָר פֿון ארץ-ישראל, צונויפֿגערופֿן די „פּני“ פֿונם לאַנד, דערציילט זיי וועגן דעם אַלגע־מיינעם באַשלוס, און מיטגעטיילט דערביי, אַז ער איז באַפֿולמעכ־טיקט פֿון לאָנדאָן געבן דערצו אַ פּאָר פּירושים. דער ערשטער פּירוש איז, אַז די באַשטימונגען פֿונם מאַנדאַט וועלן בשום אופֿן זיך נישט שטעלן אין היפּוך צו די אינטערעסן פֿון דער איצטי־קער מערהייט. די אָפּהיטונג פֿון די אינטערעסן פֿון דער אַראַבי־שער באַפֿעלקערונג איז פּונקט אַזאַ אינטעגראַלער טייל פֿונם צוקונ־פֿטיקן מאַנדאַט, ווי די שאַפֿונג פֿון דער יידישער היים. ס'וועט דערי־בער נישט צוגעלאָזט ווערן קיין אײן עקאָנאָמישער אָדער פּאָליטישער, שריט, וואָס זאָל באַרירן די אינטערעסן אָדער די געפֿילן פֿון ד אַראַבער. צווייטנס, וועט די אימיגראַציע קיין א״י דערלאָזט ווערן בלויז אין דער מאָס, אין וועלכער דאָס וועט פֿאַרלאַנגען די אַנט־

וויקלונג פונם לאַנד. דריסנס, בלייבט דאָס לאַנד פעסט אונטער דער ענגלישער פאַרוואַלטונג, און בשום אופן וועט נישט צוגעלאָזט ווערן אז איין טייל פון דער באַפעלקערונג זאָל געוועלטיקן איבערן אַנדערן.

ווען דער פראָיעקט פון מאַנדאַט איז מיט עטלעכע חדשים שפעטער פאַרעפנטלעכט געוואָרן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז די ווערטער פון געצ. באַלס זענען באמת געווען באַגרינדעט אויף אינסטרוקציעס פון אויבן. די אָפּהיטונג פון אַראַבישע אינטערעסן פאַרנעמט אין אים זייער אַ ברייטן פּלאַץ. וועגן עמיגראַציע ווערן געזאָגט, אַז די אַרטיקעל אַדמיניסטראַציע באַשטימט איר גרויס: וועגן רעגירונגס-לאַנד (דזשיפטליק), וואָס האָט געזאָלט, לויט די האָפנונגען פון ד"ר ווייצמאַן, אַריבערגיין אויפן גרונד פון מאַנדאַט, אין יידישע הענט, איז גאָרנישט דערמאָנט. דערפאַר איז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אָנערקענט — אונטער געוויסע תנאים — אַלס די אָפיציעלע פאַרטרעטונג פון יידן אין די ענינים פון קאָלאָניזאַציע אַ באַדייטנדיקן אָרט, פאַרנעמט אינם מאַנדאַט די אָפּהיטונג פון די רעליגיעזע אינטערעסן פון פאַרשידענע קירכן און די גאַראַנטיע פון פרייהייט פאַר מיסיאָנערישער פראָפּאַגאַנדע.

קעגן די פונקטן, וואָס היטן-אָפּ די אינטערעסן פון די אַראַבער קאָן מען, אייגענטלעך, פאָרמעל גאָרנישט האָבן. אַפילו די רעסטע בירגערלעך-ציוניסטישע שאָוויניסטן האַלטן אין איין טענהן, אַז זיי מיינען דאָס גוט מיט די אַראַבישע ראַסן-ברידער... אָבער ווער וועט אַנטשיידן, צו איז אַ געוויסע קאָלאָניזאַציאָנס-אַרבעט אָדער אַן אינדוסטריע-אונטערנעמונג פאַר אָדער קעגן די „אַראַבישע אינטערעסן"? די ענגלישע אַדמיניסטראַציע! די ענגלישע אַדמיניסטראַציע וועט אָבער אין פאַרשידענע זייטן פירן אַ פאַרשידענע פּאָליטיק. און אויב זי וועט וועלן, קאָן זי אויסטייטשען געוויסע פּונקטן פונם מאַנדאַט אַזוי, אַז ער זאָל פּאַקטיש בטל ווערן.

און צו וועמען וועט מען דאַן קאָנען אַפּעלירן?

צו דער לאָנדאָנער רעגירונג?

און אַוו איז די גאַראַנטיע, אַז זי וועט אין אַ ליאַדן טאָג זיך נישט דורכדרינגען מיט אַלענביס שטאַנדפונקט אויף דער מזרח-פּאָליטיק?

צו דעם פעלקער-בונד!

אָבער ווער אין דער היינטיקער וועלט נעמט ערנסט די דאָזיקע לעכערלעכע קאַריקאַטור. וואָס האָט אָנגעטאָן אויף זיך אַזא ערהאַבענעם נאָמען? אין בעסטן פאַל, ווען דער פעלקער-בונד וועט זיך פאַרשטאַרקן, וועט ער האָבן אַ דעה אויפן נעבעכדיקן עסטרייך און באַנקראָטירטן פוילן. אָבער ענגלאַנד, דעם מעכטיקן בריטישן לייב, וועט ער ביי דער היינטיקער וועלט-קאָנסטעלאַציע, אַפילו קיין

עצות נישט געבן.

כדי קלאָר צו מאַכן די לאַגע, וועלן מיר זי אילוסטרירן מיט ביישפּילן.

אין ארץ־ישראל ווערט איצט פיל גערעדט וועגן אַ פּלאַן צו עלעקטריפיצירן דעם ירדן, וועגן אויסנוצן די באַדייטנדע הויך-די-פערענץ צווישן זיין איבערן און אונטערן טייל צוליב עלעקטרישער ענערגיע און באַוואַסערונג. דוכט זיך, די וויניקע אַראבישע פעלאַכן (פויערים), וואָס זענען איצט פאַראן אין שיטער באַפעלקערטן עמק הירדן, וועלן פון דעם עקאָנאָמיש קאָנען בלויז געווינען. ס'קאָן זיך אָבער טרעפן, אַז די ענגלישע אַדמיניסטראַציע וועט צוליב א י-ר ע טעמים, נישט וועלן, אַז דער פּלאַן זאָל דורכגעפירט ווערן, אָדער זי וועט וועלן, אַז די קאָנצעסיע זאָל אָפּגעגעבן ווערן אַן עלטע ענגלישער קאָמפּאַניע, וואָס וועט אַרבעטן מיט ביליקער קאָנ-טראַקטירטער מיצרישער אַרבעט. וועט זיך באַלד אַריינמישן אַ גע-היימע האַנט, און אַ פּאָר שייכן, וואָס ווילן נישט „לא מעוקצך ולא מדבשך", וועלן מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע און אַוועקשיקן א פּראָטעסט-דעפּוטאַציע. דעמאָלט וועט דער ענגלישער „היי קאָמישיאָנער" עפנען מיט אַ יראת-שמימדיקן פּנים דעם טעקסט פונם מאַנדאַט און אָפּ-זאָגן די יידישע קאָנצעסיאָנערן מיט דער באַגרינדונג, אַז די דורכ-פירונג פונם פּראָיעקט שאַדט די אינטערעסן פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג, וועלכע ער, דער ענגלישער פאָרשטייער מוז באַשיצן.

און די זעלבע טענה' קאָן מען אַרויסרוקן ביי דער גרינדונג פון יעדער נייער קאָלאָניע און פון יעדער ווילטיקער אינדוסטריע-אונטערנעמונג און אויף אַזאַ אופן אַלזאָ קאָן מען דעם מאַנדאַט דורך אים אַליין בטל-מאַכן.

נאַרישע בעלי-בתישע פּיליסטערס לייגן אין די וועלט מכוח קאָנטראַקט, וועלכן דאָס יידישע פאָלק האָט געשלאָסן מיטן מעכטיקן ענגלאַנד. אַזאַ קאָנטראַקט איז באמת דאָ, אָבער טייטשן קאָן אים בלויז א יי ן צד. און אויף טייטשן זענען נישט נאָר יידן בריות. אַפילו דער נאַרישער לייב פון קרילאָווס מעשה האָט גלענצענד פאַרשטאַ-נען, ווי צו טייטשן זיין שותפות מיטן פוקס און מיטן וואָלף...

פונדעסטוועגן ווילט זיך אונז זאָגן אונזערע ליבע בעלי-בתים אויך אַ טרייסטנדיק וואָרט. זאָלן זיי נישט אין יאוש אַריינפאַלן די זעלבע פאַרהאַסטע אונטערערדעשע כוחות, וועלכע, אויסבערעכנדיק אין איין אָרט האָבן מעגלעך געמאַכט באַלפורס דעקלאַראַציע, וועלן נאָך, אויסבערעכנדיק ערגעץ אַנדערש-ווו, געבן די מעגלעכקייט זי צו פאַרווירקלעכן אין לעבן...

און דעמאָלט וועלן זיך אפשר די חברים פון „אַחדות העבודה" ווידער דערמאָנען אָנם אַלטן באַראָכאָווישן געדאַנק, אַ דער קלאַסן-קאַמף פונם וועלט-פּראָלעטאַריאַט איז דער אַנטשיידענער

פֿאַקטאָר אין דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון ציוניזם. ווי גוט וואָלט גע-וועז, ווען די אַמאָליקע תּלמידים פֿונם „פּאָלטאַווער גאון“ וואָלטן נישט פֿאַרגעסן זיינע נביאישע לערן.

פֿ אָ ר מ ע ל איז ארץ-ישראל נישט קיין ענגלישע קאָלאָניע. יו-רידיש איז זי אַ באַזונדער לאַנד, וואָס געפֿינט זיך אונטער דער השגחה פֿונם פֿעלקער-בונד, ענגלאַנד האָט בלויז באַקומען אַ מ אַ נ-ד אַ ט איבער איר מיט באַשטימטע פֿולמאַכטן און פֿאַרפּליכטונגען.

ביי דער היינטיקער וועלט-לאַגע איז די דאָזיקע יורידישע זייט פֿון פּראָבלעם נישט מער ווי אַ פֿאָרמאַליטעט. האָט מר. ד ר ו מ אָ נ ד, דער ענגלישער גענעראַל-סעקרעטאַר פֿון פֿעלקער-בונד, ערקלערט בנוגע דעם מאַנדאַט אויף ארץ-ישראל, אַז די פֿעלקער-ליגע דאַרף אים בלויז באַשטעטיקן און זי טאָר נישט מאַכן און אים קיין שום שינויים.

אָבער אַמאָל, ביי געענדערטע באַדינגונגען, באַקומט אַ פֿאָר-מאַליטעט אַן ערנסטע באַדייטונג. און ס׳איז דעריבער אַ מאָל כּדאי זיך אריינצוטראַכטן אין איר אינווייניקסטן מהות.

מיר לעבן איצט בעיקר אין דער קאַפּיטאַליסטישער תּקופֿה. אָבער די דאָזיקע תּקופֿה מאַכט דורך אַ שווערן קריזיס און גלייכ-צייטיק מיט רעשטלעך (רודימענטן) פֿון פֿריערדיקע פֿאָר-קאַפּיטאַ-ליסטישע עפּאָכן לאָזן זיך אין איך בולט זען עלעמענטן פֿון אַ נייער אָרדנונג.*)

ס׳איז אַ פֿאַקט, אַז אין דער איצטיקער וועלט זענען פֿאַראַן סיי ווירטשאַפֿטלעכע און סיי יורידישע ערשיינונגען, וואָס פֿאַסן גאָרנישט צו דער גאַנצער אַרומיקער ווירקלעכקייט, וואָס זענען אָדער פֿאַר-בליבן פֿון אַמאָל, אָדער פֿאַרלויפֿן דעם וועג פֿאַר דער צוקונפֿט.

איינער פֿון די בעסטע מאָדערנע סאָציאָלאָגן, פּראָפֿ. לודוויג קשי-וויצקי, האָט אַמאָל אָנגעשריבן אַן אינטערעסאַנט בּיכל וועגן די ער-שיינונגען, וואָס רעפּרעזענטירן די פֿאַרגאַנגענהייט און צוקונפֿט אין דער געגנוואַרט. מיר קאָנען זיך נישט אָפּזאָגן פֿונם פֿאַרגעניגן צו באַנוצן איינעם פֿון זיינע קליינע ביישפּילן; דאָס וועט פֿאַרלייכטערן דעם לעזער צו פֿאַרשטיין אונזער קוק אויפֿן ארץ-ישראלדיקן מאַנדאַט.

האָט איר זיך אַמאָל געשטעלט די פֿראַגע, צי וואָס דינען די קנעפּ, וואָס זענען אָנגענייט אָן אייערע אַרבלען? נוצן ברענגן זיי נישט, שיין זענען זיי אויך נישט.

די ערקלערונג וועט איר געפֿינען, ווען איר וועט וואַרפֿן אַן אויג צוריק צום מיטל-אַלטער. דעמאָלט האָבן מענער געטראָגן לאַנ-

---

*) דערמיט ווילן מיר נישט זאָגן, אַז די סאָציאַליסטישע אָרדנונג וואַקסט אַרויס פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער, ווי אַ בלום פֿונם שפּראָס. מיר זענען ווייט פֿון דער דאָזיקער רעפֿאָרמיסטישער אויפֿפֿאַסונג.

נע קאַפּאָטעס און פֿלעגן ז״יערע נסיעות מאַכן, רייטנדיק אויף פֿערד, און כּדי די קאַפּאָטעס זאָלן נישט פֿונאַנדערגעבלאָזן ווער'ן פֿונם ווינט און שטערן די רייזע, פֿלעגט מען אָנגייען אַן זייערע פּאָלעס האָקן און אָן די אַרבלען — קנעפּ. ביים קלענסטן ווינט פֿלעגט מען אויפֿהייבן די קאַפּאָטע און צושפּילן אירע פּאָלעס צו די אַרבלען.

זינט דעמאָלט זענען הונדערטער יאָרן פֿאַריבער, מענשן טראָגן קורצע רעקלעך און פֿאָרן אין פּולמאַן=קאַרס. אָבער די קנעפּ אויף די אַרבלען זענען געבליבן, און די מענשהייט גיט אויף זיי אויס יעדעס יאָר אַ פּאָר מיליאָנען...

---

דער פֿעלקער-בונד און די מאַנדאַטן זענען פּונקט אַזעלכע אינזלען פֿון דער צוקונפֿט אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ווי די קנעפּ אויף די אַרבלען זענען רעשטלעך פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט. נאָך דעם זיג פֿונם סאָציאַליזם וועט די וועלט נישט ווערן איין איינהייטלעכע מלוכה: דאָס וואָלט געבראַכט צו נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג אין איר ערגסטער פֿאָרם. זי וועט אָבער אויך נישט קאָנען בלייבן קיין כאַאָס פֿון גרויסע און קליינע מלוכות, פֿון וועלכע יעדע וועט קאָנען טאָן, וואָס עס גלוסט זיך איר. די סאָציאַליסטישע וועלט וועט זיין אַ *פֿעלקער-בונד* פֿון פֿרייע, אויטאָנאָמע פֿעלקער. *)

פֿונדעסטוועגן וועלן אויף דער וועלט בלייבן לענדער, וואָס וועלן ביי זייערע אייגענע כּחות-פֿאַרהעלטנישן און אייגענער קולטור-מדרגה, בשום אופֿן נישט זיין מסוגל צום סאָציאַליזם. וועט זיי די סאָציאַליסטישע וועלט, צוליב דער דאָקטרין וועגן זעלבסבאַשטימונג, איבערלאָזן זייער אייגענעם גורל? דאָס וואָלט אָבער געהייסען אַ רוק פֿון קאַפּיטאַליזם נישט צום סאָציאַליזם נאָר צוריק צום פֿעאָדאַליזם אָדער גאָר צו דער פּרימיטיווער באַרבאַריי. די סאָציאַליסטישע וועלט וועט דאָס נישט קאָנען און נישט וועלן טאָן. זי וועט דאָס נישט *וועלן* טאָן, ווייל ס'איז גאָרנישט אַזוי פּראָגרעסיוו. אויב די אויסשלאַכטונג פֿון מעקסיקאַנער דורך פֿעדדינאַנד

*) כ'וואָלט אָבער זייער באַדויערט, אויב ווער עס איז וואָלט פֿון דעם געמאַכט דעם אויספֿיר, אַז אַ סאָציאַליסט דאַרף זיך באַציען פּאָזיטיוו צום הייניקן פֿעלקער-בונד, ווייל ער אַנטהאַלט אין זיך אַ קערנדל פֿון סאָציאַליסטישע פֿאָרמען. אַזאַ פּועל-יוצא וואָלט געווען פֿאַלש. דער היינטיקער פֿעלקער-בונד איז נישט ניצלעך און נישט שעדלעך, — ווייל ער איז בכלל אַ פֿיקציע. שעדלעך איז ער בלויז אומדירעקט, — אויף וויפֿיל ער איז מטשטש און פֿאַרטונקלט די קלאַסן-באַוווסטזיין. אָבער אויך אין דעם פּרט איז זיין ראָליע גישט איברי גרויס...
א. ר.

קאָרטעץ, און די אַריינפֿירונג פֿון בראָנפֿן און סיפֿילס צו די אַפֿריקאַנער נעגער, — זענען די שמוציקע זייט פֿונם מעדאַל, קאָן, מען אָבער בשום אויפֿן נישט זאָגן, אַז די אַנטדעקונגען פֿון קריסטאָפֿאָר קאָלומבוס אָדער די גרינדונג פֿון דער שטאָדט ניו־יאָרק זענען אַליין און פֿאַר זיך געווען אַ רעאַקציאָנערע טאַט.

דער סאָציאַליזם, פֿון דער אַנדערער זייט וועט מוזען דאָס טוען, ווייל סאָציאַלע רעוואָלוציע איז נישט קיין שיינער וואַלס אויף אַ גלאַטיקן פּאַרקעט-באָדן: זי איז פֿאַרבונדן מיט שווערן קאמף געוואַלטיקע קרבנות אין אַן אָנגעהייערער אויסשעפּונג פֿון די פּראָדוקטיווע כחות. נאָך זייער זיג איבערן קאַפּיטאַליזם, וועלן די אויסגעשעפּטע קולטור-פֿעלקער נישט קאָנען אויסקומען אָן די רייכע אוצרות פֿון די האַלב-ווילדע לענדער, פּונקט אַזוי, ווי דאָס אויסגעמאַטערטע רוסלאַנד קאָן איצט נישט אויפֿגעשטעלט ווערן אָן דעם האַנדעל מיט די אַנדערע, נאָך קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

במקום רויבערישער קאָלאָניאַל-פּאָליטיק וועט די סאָציאַליסטישע וועלט מוזען פֿירען אַ פּראָדוקטיווע קאָלאָניזאַציאָנס-אַרבעט. דער סאָציאַליזם וועט שטרעבן, אויסמיידנדיק די אכזריות און עקספּלאָאַטאַציע פֿון די פֿריערדיקע דורות, דאָך פֿאָרטזעצן זייער ווערק, — די דערנעטערונג, די פֿאַראיינהייטלעכונג פֿון דער וועלט און ראַציאָנאַלע אויסנוצונג פֿון אירע נאַטירלעכע אוצרות. דער סאָציאַליסטישער פֿעלקער-בונד וועט איבערגעבן איינצעלנע פֿעלקער-באַזונדערס די, ביי וועמען די עמיגראַציע וועט בלייבן אַ נויטווענדיקייט אויך אין דער ערשטער תקופֿה פֿון סאָציאַליסטישער אָרדנונג, — דעם אויפֿטראַג (מאַנדאַט) צו הייבען די פּראָדוקטיוו-כחות פֿון איינצעלנע-לענדער אָפּהיטענדיק דערביי די אינטערעסן פֿון דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג און דערציענדיק זי צו געמיינזאַמער אַרבעט און העכערער קולטור.

---

אָבער, שטייט דאָס אַלץ נישט אין סתירה צו דעם פּרינציפּ וועגן זעלבסבאַשטימונג פֿון פֿעלקער?

קיין שום פּראָגרעסיווער פּרינציפּ איז נישט אַזוי מיסגעברויכט און פֿאַרקאָמפּראָמיטירט געוואָרן דורך דער היינטיקער בירגערלעכער וועלט, ווי דער שיינער פּרינציפּ וועגן זעלבסבאַשטימונג. אונטער זיין מאַסקע האָט מען געפֿירט די גרויזאַמסטע וועלט-מלחמה און אונטער דעם לאָזונג האָט מען דורכגעפֿירט די ערגסטע יידן-פּאָגראָמען. מען האָט אים — באַוואוסטזיניק און אומבאַוואוסטזיניק — אָפּט אידענטיפֿיצירט מיטן רעאַקציאָנערען פּרינציפּ פֿון נישט אַריינמישונג, לויט וועלכן יעדע מלוכה קאָן זיך טוען אין אירע גרעניצן, וואָס דאָס האַרץ גלוסט זיך אויפֿן סמך פֿון איר סוווערעניטעט.

ווען מיר רעדן וועגן זעלבסבאַשטימונג פֿון פֿעלקער, שטעלן
מיר דאָס זיך נישט פֿאָראַנדערש , ווי אין די ראַמען פֿון אַ ווירק-
פֿעך-דעמאָקראַטישער, ד. ה. פּראָלעטאַרישער וועלט, ווי גע-
וויסע אַלגעמיינע געזעצן וועלן זיין פֿארפֿליכטנדיק פֿאר דער גאנ-
צער וועלט. פרייהייט פֿון געוויסען, גלייכהייט פֿון אַלע פֿארן געזעץ,
פֿרייהייט פון איינוואַנדערונג און אויסוואַנדערונג, פֿרייהייט צו באַ-
זעצן זיך און אַרבעטן אין יעדן לאנד, און אויך א געוויסער
מינימום פֿון נאַציאָנאַלע רעכט, דאָס זענען עלעמענטאַרע פֿאָרויס-
זעצונגען, אָן וועלכע דאָס גערעדעכץ וועגן זעלבסטבאַשטימונג איז
נישט מער, ווי א שווינדעל, אונטער וועלכן ס'קאָנען זיך באַהאַלטן
כל-ערליי רעאַקציאָנערע תשוקות. ווען מען זאָל אין היינטיקן רומע-
ניע דורכפֿידן אַ פּלעביסציט, צי מען דארף יידן געבן פֿולע
גלייכבאַרעכטיקונג, ווערט זיך בלי ספק 90% פֿונם רומענישן
פֿאָלק אַרויסזאָגן געגן. אַ פֿאָרשלאַג אַרויסצוטרייבן די
יידן פֿון לאַנד, וואָלט מסתמא אויך באַקומען אַ מערהייט
וועט זיך די פּראָלעטאַרישע וועלט רעכנען מיט אַזאַ זעלבסבאַ-
שטימונג? און ווען דער שבט ניאַם-ניאָם אין אַפֿריקע וועט, שוין
נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, באַשליסן אויפֿן יסוד פֿון שענסטן
ראַטן-וואַל-רעכט, אז עסן מענשן-פֿלייש איז נישט נאָר ערלויבט
נאָר אַפֿילו אויך נוצלעך פֿאַר דער געזונטהייט, — וואָס וועט דער-
צו זאָגן די פּראָלעטאַרישע וועלט? וועט נישט אין יידע פֿאַלן אַ
געמיינזאַמע וועלט-אַרמיי (אָדער רופֿט זי, מיינעט וועגן, וועלט-
זשאַנדאַרמעריע,—מען דאַרף זיך נישט שרעקן פֿאַר ווערטער) אַריינ-
פֿאָרן אין אַזא „זעלבסטבאשטימונג" מיט דער אייזערנער פֿויסט און
שאַפֿען פּראָלעטאַרישע אָרדנונג? נאָר צובראָכענע און שוואַכקעפּיגע
דעפֿאָרמיסטן קאָנען נישט פֿארשטיין אַ זעלכע עלעמענטאַרע זאַכן.

---

דער לעזער, וועמען מיינע געדאַנקן וועלן זיך אויסווייזן פֿאַר
שטאַרק-אפּיקורסיש, וואָלט איך געבעטען זיך אויף אַ ווייל אַריינ-
טראַכטן אין דעם, וואָס עס קומט פֿאָר און די גרענעץ-געביטן פֿון
רוסלאַנד. נישט בוכאַראַ און נישט אזערביידזשאַן וואָלטן ביי זייע-
רע אייגענע כוחות-פֿאַרהעלטנישן געוואָרן ראַטן-רעפּובליקן. זיי
זענען דאָס אָבער אַ דאַנק דער אַריינמישונג און שטענדיקער וויר-
קונג פֿון דער רויטער-אַרמעע. — זיי זענען ראַטן-רעפּובליקן, ווייל
רוסלאַנד דאַרף האָבן קאַטאָן און אייל.

„דאָס איז דאָך אָבער אוממאָראַליש"! — וועט אויסשרייען
דער סענטימענטאַל-געשטימטער לעזער. ראַטן-רוסלאַנד פּריידיגט די
פֿרייהייט פֿון אַלע פֿעלקער! זי האַלט דאָך פֿאַר אַן עולה די ענג-
לישע הערשאַפֿט אין אינדיע! פֿאַרוואָסזשע רופֿט זי אַליין נישט אָפּ
די רויטע אַרמיי פֿון בוכאַראַ?

דאָס איז אָבער די זעלבע מעשה, ווי די רויטע אַרמיי, וואָס איז געבויט אויף די חורבות פֿון דער צאַרישער אַרמיי, ווי די אַרבעטס־דיסציפּלין אויפֿן אָרט פֿון דער אַלטער...

האָטנטאָטן־מאָראַל? זאָל זיין אַזוי. אָבער די טאַט איז נישט די זעלבע, ווען אירע סוביעקטן און צילן זענען גרונט - פֿאַרשידן. אין די אינטערעסן פֿון דער נייער, צו ווירקלעכער פֿרייהייט שטרע-בנדער, וועלט מעג געטאָן ווערן אויך דאָס, וואָס מיר זענען גרייט אַנטשידן צו באַקעמפֿן, ווען דאָס ווערט געטאָן צוליב דער פֿאַר-פֿוילטער, מאָראַליש-אויפֿרעגנדער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלאָ-טאַציע.

---

און די דאָזיקע אַלגעמיינע כּללים, וואָס זענען גילטיק ביי דער גאַנצער וועלט, וועלן מוזן אויך אָנגעווענדעט ווערן אין א״י. נל זמן די אַראַבער זענען די מערהייט פֿון לאַנד, האָבן זיי דאָס רעכט אויף פֿולער זעלבסטבאַשטימונג, אָבער אין די גרענעצן פֿון די אַלגעמיינע וועלט - נאָרמען. זיי דאַרפֿן האָבן אַלע רעכט, חוץ דאָס רעכט פֿון אונטערדריקן אַנדערע. זיי זענען גערעכט מיט זייער טענה, אַז ארץ - ישראל געהערט נישט יידן, זיי וועלן אָבער מוזן איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל באַגרייפֿן, אַז זי געהערט אויך נישט די אַראַבער. פּונקט ווי פֿאַר סאָציאַליסטן עקזיסטירן נישט קיין פּריוואַט - אייגנטום אויף באָדן, פּונקט אַזוי קאָן ער אויך נישט אָנערקענען קיין נאַציאָנאַל - אייגנטום אויף לענדער.

ס'איז צו באַוווּנדערן, ווי אַזוי חברים, וואָס פֿאַרטיידיקן מיט פֿיל ענערגיע דעם פּרינציפּ פֿון נאַציאָנאַליזירן דעם באָדן אינער-האַלב דער נאַציע, קאָנען נישט מאַכן קיין שריט ווייטער און דער-הייבנדיק זיך איבער די ד׳ אמות פֿון זייער ענגן קוק, אָנווענדן דעם זעלבן פּרינציפּ בנוגע גאַנצע פֿעלקער. פּונקט ווי איינצעלנע מענשן באַקומען זייער לאַנד און ירושה - פּאַכט ביי דער מלוכה, פּונקט אַזוי האָבן איינצעלנע פֿעלקער פֿון דור צו דור אין זייער נוצונג לאַנד, וואָס געהערט דער גאַנצער מענשהייט. דאָס איז דער איינציקער פּרינציפּ, וואָס גיט אַ פֿאָדעם זיך פֿונאַנדערצוקלייבן אינם פּלאָנטער פֿון די יידיש-אַראַבישע באַציונגען. ווער עס לייקנט אים, דער מוז אָדער אָנערקענען, אַז א״י איז אַן אַראַביש לאַנד און אַז יידן האָבן דאָ נישט וואָס צו זוכן, אָדער פֿאַרפּלאָנטערן זיך אינם פֿינסטערן וואַלד פֿון היסטאָרישע רעכט, וועלכע גראַמען יך אַזוי צום סאָציאַליזם אָדער אַפֿילו צו דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ווי דער פֿייל פֿון די ווילדע צו מאָדערנע מלחמות...

פֿון דעם דאָזיקן אַלגעמיינעם געדאַנקן-גאַנג ווערט קלאָר דער סכום פֿון צלעמענטאַרע רעכט, וואָס מיר האָבן געדאַרפֿט פֿאַרלאַנ-ען אין א״י. דאָס זענען נישט טובות, נישט דעקלאַראַציעס, נישט

חסדים, נאָר עלעמענטאַרע רעכט, וואָס קומען אונז אָן יעטוועדער זכות און אָן יעטוועדער פאַרדינסט פון אונזער זייט. טובות און פריווילעגיעס קאָנען אָפּגענומען ווערן — רעכט עלעמענטאַרע בלייבן. פאַר טובות מ׳ז מען דאַנקבאַר זיין, רעכט־מעג מען פאַרלאַנגען אַפילו פון די, וועלכע מען האַסט. ס׳איז געווען אַ פאַלשער היסטאָרישער שריט צו פאַרלאַנגען רעכט, פאַר וועלכע מיר וועלן מוזן דאַנקבאַר זיין, און וועלכע מען קאָן דעריבער צוריקציען אין יעדן מאָמענט, ווען ס׳וועט זיך אַרויסווייזן אונזער שלעכטיקייט אָדער אומפעיקייט.

וויפל יידן, בפרט אין א״י, וואָלטן איצט געווען העכסט צופרידן, ווען, במקום דער צושוומענער באַלפור - דעקלאַראַציע און דעם קאַוטשוק-אַרטיקן מאַנדאַט, וואָלטן מיר איצט געהאַט א) דאָס אומבאַשרענקטע רעכט פון אײנוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע אין א״י ב) דאָס רעכט אויף ממשותדיקער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. דאָס וואָלט גענוג געווען, כדי געבן די מעגלעכקייט צו קאָלאָניזירן דאָס לאַנד. און ווען מיר וואָלטן שטאַרק געוואָרן, וואָלטן במילא אונזערע רעכט געוואַקסן.

כ׳וואָלט נישט געוואָלט מען זאָל דאָס פאַרשטיין, אלס אַ פאָרשלאַג צו די בירגערלעכע ציוניסטן איצט זיך אָפּצוזאָגן פון דער באַלפור-דעקלאַראַציע. ס׳איז שוין צו שפּעט! מנהיגנו אָכלו בוסר ושנינו תכהינה — די דאָזיקע וואַריאַציע פונם גרויזאַמען, אָבער ריכטיקן ביבלישן אויסשפּרוך קאָנען איצט זאָגן די פאַרפירטע יידישע מאַסן...

אָבער ס׳איז געווען אַ צייט, ווען אַזאַ פאָרשלאַג איז געווען. אויפן III פאַרטיי-טאָג פון די רוסישע פּוע״צ אין קיעוו, אויגוסט 1917 איז, נאָך פאַר דער באַלפור-דעקלאַראַציע, אַרויסגעשטעלט געוואָרן די פאָדערונג, אַז ביים שליסן פון שלום זאָל די יידן גאַראַנטירט ווערן בנוגע א״י: 1) דאָס רעכט פון איינוואַנדערונג און באַזעצונג; 2) פרייהייט פון טעטיקייט פאַר די דעמאָקראַטישע קאָלאָניזאַציאָנס-אינסטיטוטן, וואָס וועלן זיך שטעלן די אויפגאַבע צו שאַפן אַ יידישן טעריטאָריאַלן צענטער אין פאַלעסטינע; 3) דאָס רעכט אויף נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. און ווען דעמאָלט זענען אויף אונזער פאַרטיי-טאָג געווען חברים, וואָס האָבן פאַרלאַנגט מיר זאָלן אַרויסשטעלן די ברייטע, אָבער ווייניקער קלאָרע פאָרמול וועגן דעם ר ע כ ט אויף א״י אַלס אַזעלכע — האָבן מיר׳ שוין דעמאָלט זיי אָנגעוויזן, אַז ברייטערע פאָדערונגען, נישט געבענדיק אונז ממשות׳דיק מער איידער די ענגע, וועלן אונז דערשווערן די קאָלאָניזאַציע ביי אַן אַנדערער וועלט-לאַגע און אומצורייסבאַר צונויפבינדן מיטן ענגלישן אימפּעריאַליזם, זיי וועלן איבריק פאַרשאַרפן די באַציונגען מיט די אַראַבער, און שאַפן אַזאַ לאַגע, ביי

וועלכע מיר וועלן קאָנען ביי יעדן מאָמענט בלייבן אין א"י אָן קום רעכט. ביי אונזערע חברים אין רוסלאַנד און פּוילן האָבן מיר געזיגט. אָבער די גאַנצע בירגערלעך-ציוניסטישע פּרעסע און אַפילו די רעכטע פּוע"צ אין אמעריקע און א"י א. אַ. האָבן זיך אָנגעוואָרפֿן אויף אונז אַלס דאָקטרינערן, פּרינציפּן-רייטער, וואָס שרעק זיך פֿאַרן בונד אָדער פֿאַררעטן גאָר דעם ציוניזם.

און היינט: וויפֿיל פֿון זיי פֿילן אין זייער האַרצן, אַז די דאָקטרינערן האָבן דאָך פֿאָרויסגעזען...

ווייל דאָקטרינען, רבותי, זענען שלעכט, ווען זיי זענען פֿאַלש. אויב זיי זענען אָבער ריכטיק, זענען זיי אַ קאָמפּאַס, מיט וועלכן מען קאָן זיך אָריענטירן אינם ברייטן, גרענצלאָזן ים.

און ס'איז גוט אַריינצוטראַכטן זיך אין דעם, וואָס דאָקטרינערן זאָגן און נישט זיי גלייך חושד זיין אין אַלע חטאים...

יאָ, מען טראַכט זיך אַריין. אָבער מיר נאַרן זיך נישט אָפּ. ס'איז בלויז אויף אַ מאָמענט. אין אַ חודש אָדער צוויי אַרום וועט דער מאַנדאַט באַשטעטיקט ווערן און דער „יום האבל" וועט זיך פֿאַרוואַנדלען אין „יום השמחה". מען וועט ווידער רעדן וועגן „נציב העברי", וועגן דעם לאַנד, וואָס איז געוואָרן דער קנין פֿון יידישן פֿאָלק, מען וועט ווידער בלאָזן אין חוץ-לארץ און אָפּהאַלטן חגיגות אין א"י. און אין אַ יאָר אַרום וועט מען ווידער באַקומען אַ גרויסן קלאַפּ; מען וועט ווידער פֿאַסטן און שרייבן היסטערישע „רעוואָלוציאָנערע" אַרטיקלען — ביז ס'וועט ווידער קומען די ישועה אין געשטאַלט פֿון אַ נייער זיספּער הבטחה.

און די קאָלאָניזאַציע וועט דערווייל שטיין אויף איין פּלאַץ.

וואָס פֿאַר א קאָנקרעטע פּערספּעקטיוון שטאַמען פֿונם דאָזיקן אַנאַליז?

די פּערספּעקטיוון זענען גאַנץ קלאָר. אויף וויפֿל די אַלוועלטלעכע קאָלאָניזאַציע-נויט וועט שטיין אַלס אַ שאַרפֿע פֿראַגע אויך נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און אויף וויפֿיל די פּריערדיקע יידישע קאָלאָניזאַציע וועט שאַפֿן אין פּאַלעסטינע באַדייטנדע ווערטן, אויף אַזוי פֿיל איז מעגלעך און וואַרשיינלעך, אַז דער פּאַלעסטינע-מאַנדאַט, בייטנדיק זיינע טרעגער, וועט בלייבן עקזיסטירן לויט זיין תוך. במקום דער איצטיקער פֿיקציע וועט קומען דער ווירקלעכער סאָציאַליסטישער פֿעלקער-בונד, במקום דער ציוניסטישער בורזשואַזיע וועט די פֿולמאַכטן באַקומען די יידישע אַרבעטערשאַפֿט און במקום דער רעאקציאָנערער פּאָליטיק, וואָס ווערט היינט געפֿירט אין א"י, וועט געטון ווערן אַרבעט, וואָס וועט ברענגען נוצן סיי דעם יידישן אַרבעטער, סיי דעם אַראבישן פֿאָלק און סיי אויך דער גאַנצער פּראָלעטאַרישער וועלט.

זייער קעגנערשאַפֿט צו דער פּאַלעסטינע-קאָלאָניזאַציע ער-

קלערט זיך נישט אַזוי פֿיל צוליב דער אידעע גופֿא, נאָר צוליב די אַלע אַטריבוטן, וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט איר אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. זיי זענען אין עצם גאָרנישט קעגן דעם אַז אַ יידישער אימיגראַנט זאָל זיך באַזעצן אויף אַ פֿרייען שטיקל באָדן אין פּאַלעסטינע און זייען דאָרט ווייץ אָדער פֿלאַנצן דאָרט אָליוון-בוימער. זיי האָבן אַפֿילו דערפֿאַר געוויסע מענשלעכע סימפּאַטיעס. מען ווערט אָבער אָפּגעשראָקן דורך דעם רעש׳דיקן, שאָ־ חיניסטישן קלאַפּער-געצייג, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דעם דאָזיקן מענשלעך סימפּאַטישן אַקט, און דורך דער פֿאַרדעכטיקער צונויפֿ־ קניפּונג פֿון ענגלישע קאָלאָניאַל - אינטערערעסן מיט די שטרע־ בונגען צו אַ יידישן צענטר. מען ווערט צוריקגעשטויסן דורך דער רעאַקציאָנערער ווירטשאַפֿט- און קולטור פּאָליטיק, וואָס ווערט געטריבן אין א״י, דורך ידיעות וועגן פֿאַרפֿאָלגונגען פֿון יידיש, דורך אמתער אָדער שיינענדער אונטערדריקונג פֿון אַראַבער. ביי אַן אַנדערער געזעלשאַפֿטס-אָרדנונג, ווען די דאָזיקע אַלע אַטריבוט און חששן וועלן פֿאַרשווינדן און די נויט, וואָס ווערט היינט צו טאָג פֿאַרשלייערט דורך די אויבנדערמאָנטע אַטריבוטן, וועט קלאָ־ רער און בולטער ווערן—וועט זיך די באַציונג צו דער פּאַלעסטי־ נע-קאָלאָניזאַציע ראַדיקאַל ענדערן. פֿיל, וואָס באַקעמפֿן זי היינט, וועלן זיך פֿאַר איר באַגייסטערן און פֿיל פֿון די בירגערלעכע ציוּ־ ניסטן וועלן מיט ציין-קריצעניש זיך אָפּשאָקלען פֿון די צושטערטע יוגנט-חלומות... ס׳וועט פֿאַרקומען די זעלבע ערשיינונג, ווי אין היינטיקן רוסלאַנד, ווו די רעאַקציאָנערן זענען פלוצים געוואָרן... אַנטימיליטאַריסטן, און די סאָציאַליסטן זענען באַגייסטערט פֿאַר דער רויטער ארמיי...

און דעריבער יוערן מיר אויך גאַנץ ווייניק נתפּעל פֿונם פֿאָר־ לויפֿיקן באַשלוס פֿון דריטן אינטערנאַציאָנאַל וועגן ציוניזם. ליידער, איז איצט אַזאַ באַציונג פֿון זיין זייט זייער פֿאַרשטענדלעך. די ציוּ־ ניכטישע אידעע ווערט רעפּרעזענטירט פֿאַרן דריטן אינטערנאַציאָ־ נאַל דורך די בלוט-דורשטיקע אַרטיקלען פֿון פּאַממאַניק און דורך באַטיילונג פֿון ציוניסטישע דעכ טאַטן — גאָלדשטיין און טעמקין אין פּאַריזער גרינדונגס-פֿאַרזאַמלונג, וואָס איז פּאַקטיש אַ קאָמפּלאָט געגן דער ראַטן-מאַכט; די אינפֿאָרמאַטאָרן וועגן יידישע ענינים זענען די „געלערנטע יידן” ראַפּפּעס און קאָמפּ. וועלכע שטעלן זיך נישט אָפּ פֿאַר קיין מיטלען, כדי נאָך צושוואַרצן דאָס בילד; און דער עיקר—פּאַלעסטינע גופֿא איז נאָך ווייט פֿון דער ספֿערע פֿון באָל־ שעוויסטישער מאַכט. מיר זענען אָבער זיכער, אַז ווען די אומ־ שטענדן וועלן זיך בייטן און מ׳וועט מוזן צוגיין צו דער פּאַלעס־ טינע פֿראַגע, אַלס אַ פּראָבלעם פֿון נאַנטער, פּראַקטישער פּאָ־ ליטיק, וועט מען די רעזאָלוציעס אַריינלייגן אין אַרכיוו און פּעטש־

שטעלן אַן אַנדערע באַציונג. מיט דעם שעפֿערישן אינסטינקט, וואָס איז פֿאַראַן אין גענוגנדער מאָס ביי די באָלשעוויסטישע פֿירער, וועלן זיי דעמאָלט אָנווענדן די פּאָליטיק, וואָס וועט דיקטירט ווערן דורך די אינטערעסן פֿון דער סאָציאַליסטישער וועלט־ווירטשאַפֿט. די קאָלאָניזאַציע פֿון ארץ-ישראל ליגט אָבער אין דער ליניע פֿון די דאָזיקע אַלגעמיינע אינטערעסן! דעריבער זענען מיר גראָד אין דעם פּרט פֿיל זיכערער, איידער אין דער צוקונפֿטיקער באַציונג פֿון די, וואָס האָבן אונז ביז אהער באַגליקט מיטן מאַנדאַט...

און, אגב, וואָלטן מיר נישט געוואָלט, אַז חברים זאָלן צוגיין צו גרויסע וועלט-פּראָבלעמען און וועלט-ערשיינונגען מיט דער באַציונג פֿון קליינע קינדער, וואָס האַלטן דעם „פֿעטער" פֿאַר אַ גוטן, ווען ער גיט גראָד זיי אַ צוקערל. אונזער באַציונג צום באָלשעוויזם דאַרף קודם-כל באַשטימט ווערן דורך אַלוועלטלעכע מאָמענטן; דערביי האָבן מיר דאָס רעכט און די פֿליכט צו קעמפֿן פֿאַר אונזערע ספּעציעלע אינטערעסן און נישט מותּר זיין אויף קיינעם פֿון זיי.

די גאַנצע איצטיקע ארץ-ישראלדיקע ווירקלעכקייט איז די גלענצנדע באַשטעטיקונג פֿונם כּלל, אַז דעקלאַראַציעס, רעזאָלוציעס, מאַנדאַטן און דאָס גאַנצע פּאַפּירענע כּלי-זין האָבן גאָר אַ קנאַפּן ווערט, ווען ס'איז נישטאָ הינטער זיי קיין ווילן און קיין כּח, וואָס זאָל זיי דורכפֿירן אין לעבן.

לייענענדיק די אָפֿיציעלע ציוניסטישע פּרעסע אין א.-י. באַקומען מענטשן, וואָס זענען קיינמאָל נישט געווען אין פּאַלעסטינע, דעם איינדרוק, אַז דאָ געניסן יידן באַזונדערע רעכט און פּריווילעגיעס, וואָס זיי פֿאַרמאָגן נישט אין קיין שום אַנדער לאַנד פֿון דער וועלט. ס'טייטש, דאָס יידישע לאַנד! און פֿיל ציוניסטן, דווקא ראַדיקאַלן, האַלטן דאָס פֿאַר זעלבסטפֿאַרשטענדלעך. ממה נפֿשך, עסט מען חזיר, באַנוצט מען זיך מיט אימפּעריאַליסטישע מאַנדאַטן. טאַ זאָל כאָטש רינען פֿון דער באָרד! דער אמת אָבער איז, אַז דער פּאַלעסטינישער חזיר איז זייער אַ מאָגערער. אין דער ווירקלעכקייט האָבן מיר דאָ נישט קיין שום רעכט, וואָס מיר וואָלטן זיי נישט פֿאַרמאָגט ביי אונזער איכות און כמות, אין יעדן אַנדער פּראָגרעסיוון לאַנד. להיפּוך, מיר זענען דאָ אין פֿיל פּרטים ערגער געשטעלט, איידער די אַראַבער, אָדער ווי אַנדערע נישט-יידישע אייראָפּעער, וואָס וואָלטן געוואָלט זיך באַזעצן אין פּאַלעסטינע.

ראשית, בנוגע דעם באָדן. אַלע האָפֿנונגען, אַז מיטן מאַנדאַט וועלן אין יידישע הענט איבערגיין באַדייטנדע שטחים לאַנד, וואָס האָבן פֿריער געהערט דער טערקישער רעגירונג, זענען נישט מקוים געוואָרן. פֿון די אַלע האָפֿנונגען אין דעם פּרט האָט זיך דערווייל אויסגעלאָזט אַ מאָגערע הבטחה צו געבן לאַנד ד

געוועזענע יידישע סאָלדאַטן פֿון דער ענגלישער אַרמיי אויפֿן זעלבן יסוד, אויף וועלכן ס׳ווערט רעגירונגס-לאַנד געטיילט דעמאָביליזיר-טע סאָלדאַטן אין אַלע ענגלישע קאָלאָניעס. און אויך אָט דעם צו-זאָג האָט מען נאָך צוליב פֿיל סבות פּראַקטיש נישט רעאַליזירט

בעיקר מוז מען דעם באָדן. קויפֿן און צאָלן פֿאַר איס, זייער באַדייטנדע פּרייזן אַ גרויסן טייל פֿון אים מיז מען לאָזן כמעט אָן באַצאָלונג אין רשות פֿון די אַראַבישע פֿעלאַכן, וואָס ווױ-נען אין דער געגנט. צוליב פּאָליטישע טעמים, וואָס ווערן שטאַרק אונטערשטיצט און דירעקט געפֿאָדערט דורך הערבערט סעמיועל, גייט מען דערביי פֿיל ווייטער, איידער דאָס ווערט געפֿאָדערט פֿונם בירגערלעכן געזעץ-בוך אין יעדן קאַפּיטאַליסטישן לאַנד.

מיר גייען דאָ נישט אַריין אינם מאָראַלישן אינהאַלט פון דער פּראַגע. מיר זענען גערן מסכים, אַז דער יושר פֿאָדערט, מען זאָל דוקא אַזוי האַנדלען. מיר שטרייכן נאָר אונטער, אַז קיין פּריווילעגיע איז דאָס נישט. אַ האָלענדער, וואָס וואָלט דאָרט געוואָלט קויפֿן באָדן, וואָלט ביזנעס-מעסיק געשטאַנען אין אַ גינ-סטיקערער לאַגע.

די יידישע אימיגראַציע איז באַשרענקט מיט געוויסע ציפֿערן. פֿאַרן פֿאָריקן יאָר האָט מען פֿעסטגעשטעלט די צאָל פֿון 16.500. וואָלט די אימיגראַציע פֿון נישט-יידן געווען פֿאַרווערט, וואָלט אפֿילו די באַשרענקטע יידישע עמיגראַציע געווען אַ פּריווי-לעגיע, אַ רעזולטאַט פֿונם מאַנדאַט. אָבער די אימיגראַציע פֿון נישט-יידן איז לחלוטין נישט פֿאַרווערט. אַן איטאַליענער, וואָס וויל פֿאָר-אין פּאַלעסטינע, באַקומט גרינגער אַ וויזע ביים ערשטן ענגלישן קאָנסול איידער אַ ייד. דער ייד מוז צוערשט דורכקומען אַ לאַנגע אינקוויזיציע אין די ציוניסטישע אימיגראַציע-אַמטן, און ערשט דערנאָך מוז ער ווידער האָבן צו טאָן מיטן ענגלישן קאָנסול. אויף אַזאַ אופֿן איז די באַשרענקטע יידישע איינוואַנדערונג נישט קיין פּריווילעגיע, נאָר אַן אויסנאַם-געזעצגעבונג. *)

*) אונז זענען באַקאַנט אַ פּאָר פֿאַקטן, ווען יידן, כּדי גרינגער אַנצו-קומען קיין א״י, האָבן באַהאַלטן זייער יידנטום, אויף וויפֿל דאָס איז מעגלעך געווען לויט זייער פּאַס. דעמאָלט, אויסמיידנדיק יעדן קאָנטאַקט מיט די ציוניס-טישע צערבערס (וואָס זענען נאַטירלעך פּאַפּסטלעכער ווי דער פּאַפּסט), האָבן זיי באַקומען גרינג וויזעס אַלס פּילגרימען. אין די צענטרען, דורך וועלכע ס׳גייט די יידישע אימיגראַציע קיין א״י, ווערן יידן אַלס פּילגרימען נישט אָנערקענט: ווען אַ ייד זאָל קומען צום ענגלישן קאָנסול אין ווין צון זאָגן, אַז ער וויל אָפּבעטן זיינע זינד ביים כּותל מערבי, וואָלט מען אין אים גלייך אײַנגעזען דעם באָלשעוויסטעשן פֿאַרדעכטיקן עמיגראַנט און אָפּגעשיקט צום ציוניסטישן אַמט, פּונקט אַזוי ווי מען שיקט אַוועק אַ געפֿערלעכן מיקראָב צו אונטערזוכן אין דער לאַבאָראַטאָריע.
א. ר.

די שלעכטע און אומגערעכטע באַהאַנדלונג פֿון יידן ווערט באַזונדערס קלאָר, ווען מען קוקט אויפֿמערקזאַם אַריין אין דעם היגן רעגירונגס-ביודזשעט. די אַראַבישע שולן ווערן אויסגעהאַלטן אויפֿן חשבון פֿונם לאַנד, די יידישע — צום גרעסטן טייל אויפֿן חשבון פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

די מעדיצינישע הילף, וואָס ווערט געגעבן פֿון דער רעגירונג דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג איז זייער קליין, און פֿון איר געניסן אויך כמעט בלויז אַראַבער. די מעדיצינישע הילף פֿאַר יידן ווערט צום גרעסטן טייל געגעבן דורך פֿרייוויליקע יידישע אָרגאַ-ניזאַציעס, וואָס זאַמלען נדבות אין חוץ-לארץ (אַמעריקאַנער „הדסה").

וועגן דעם, אַז אַ רעגירונג פֿון אַ מער-ווייניקער ציוויליזירטן לאַנד דאַרף זאָרגן פֿאַר אַלמנות, יתומים, אינוואַלידן און נישט אי-בערלאָזן זיי אויף הילף פֿון אויסלענדישע צדקה-געבער, וויל מען אין ירושלים גאָרנישט וויסן. די קריגס-פענסיעס, וואָס באַלאַסטן די פֿינאַנצן פֿון יעדן לאַנד מיט גרויסע סומען, עקזיסטירן נישט אין ארץ-ישראלדיקן גן-עדן. פֿאַר אַראַבישע קריגס-יתומים זאָרגט אַללאַה, פֿאַר די יידישע — דער דזשאָינט-דיסטריבושאָן-קאָמיטעט. דאָס איז ווידער אַ רעגירונגס-אויפֿגאַבע, וואָס איז איבערגעלייגט אויף פּריוואַטע יידישע פּלייצעס! אומגינסטיק איז אויך די לאַגע פֿון יידן אין די רעגירונגס-אַמטן. אין דער פּאָליציי, למשל זענען יידן פֿאַר-טראָטן אין די מערסטע שטעט מיט אַ סאַך קלענערער צאָל, איי-דער ס'וואָלט זיי געקומען לויטן פּראָצענט פֿון יידישע איינוווינער די סבה פֿון דעם איז דער הונגער-לוין, וואָס ווערט געצאָלט אַן איינפֿאַכן פּאָליציאַנט.

נאַטירלעך קאָן מען פֿון דער רעגירונג נישט פֿאַרלאַנגען, אַז זי זאָל צאָלן יידישע פּאָליציאַנטן פֿאַר דער זעלבער אַרבעט גרע-סערע שכירות איידער די אַראַבער, אָבער אויב מען פּראָקלאַמירט דעם לאָזונג פֿון אַ „יידישער נאַציאָנאַלער-היים" און מען מיינט אים ערנסט, מוז מען אַלע פּאָליציאַנטן געבן אַ לוין, וואָס זאָל ערמעגליכן אָנצונעמען אַ שטעלע, אויך אַן אייראָפּעער, וואָס קאָן נישט לעבן פֿון ברויט און ציבעלע און איז נישט געוווינט צו בע-טן כאַבאַר ביי די בעלי-בתים...

די זעלבע לאַגע עקזיסטירט אין אַלע רעגירונגס-אַמטן. אויף דער אייזנבאַן און דער פּאָסט, אויפֿן טעלעגראַף, טעלעפֿאָן, געריכט אומעטום זענען די לוינען אויסגערעכנט לויט דעם עקסטן מיני-מום, ביי וועלכן מען קאָן גראָד קריגן דעם נייטיקן באַאַמטן. דער מינימום פֿון לוין ווערט אָבער אין דער „יידישער נאַציאָנאַלער היים" באַשטימט פֿון דער נידריקסטער, ד. ה. אַראַבישער לעבנס-האַלטונג.

דער גוטער פּרינציפּ — נישט צאָלן פֿאַרן זעלבן אַמט

גרעסערע און קלענערע „שכירות" ווערט אָבער אויסגעהאַלטן בלויז בנוגע יידישע בעאַמטע אין פֿאַרגלייך מיט אַראַבישע. ער עקזיס-טירט אָבער נישט בנוגע ענגלענדער. זיי באַקומען פֿאַרן זעלבן אמת טאָפּלטן געהאַלט. אַלע איבעריקע זענען אין פֿאַר-גלייך צו זיי — „נייטיווס", (איינגעבוירענע), וואָס דאַרפֿן זיך באַג-ניגענען, ווי הויך זיי זאָלן נישט שטיין קולטורעל, מיט אַ האַלבן לוין פֿאַר דער זעלבער לייסטונג.

ס'איז, דוכט זיך, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אין אַ לאַנד ווו יידן האָבן אָנערקענטע שטאַטלעכע אַספּיראַציעס, מוזן זיי על כל פּנים געניסן דעם פֿולן מאָס פֿון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. אין דער ווירקלעכקייט איז אָבער דאָ קיין שום אויטאָנאָמיע, אַלס אַן עפֿענטלעך-רעכטלעכער אינסטיטוט, — נישט פֿאַראַן. אינם „יידישן לאַנד" פֿאַרמאָגן נישט יידן אַפֿילו דעם נעבעכדיקן סכום פֿון אויטאָנאָמע רעכט, וועלכע זיי געניסן אין פּוילן און דייטשלאַנד וועגן די רעכט, וואָס זענען בעת דער „צענטראַלער ראַדע" פּראָק-לאַמירט געוואָרן אין אוקראַינע, אָדער וואָס ווערן איצט פֿאַרווירק-לעכט דורכן יידישן מיניסטעריום אין קאָוונע. האַלט מען דאָ דער-ווייל אין טרוימען. כ'וואָלט געקאָנט ציטירן אַ ריי אַרטיקלען פֿון די היגע בלעטער, ווו די געזעצן וועגן אויטאָנאָמיע און קהילות וואָס זענען דורכגעפֿירט געוואָרן אין אַ פּאָר גלות-לענדער, ווערן באַצייכנט אַלס אַן אידעאַל פֿאַר דער „נאַציאָנאַלער-היים".

די היגע קהילות זענען פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן קיין שום צוואַנגס - מאַכט. און היות ווי דער א"י ישוב איז דעמאָראַליזירט דורך חלוקה-טראַדיציעס,— סיי אין אַלטער רע-ליגיעזער, סיי אין נייער ציוניסטישער פֿאָרם — האָבן די קהילות כמעט קיין שום הכנסות פֿון זייערע מיטגלידער. מוזן זייערע וויכ-טיקסטע אַנשטאַלטן אַרויסקוקן אויף אויסערלעכע הילף. דאָס איז אומדירעקט אַ געוואַלטיקע שטערונג פֿאַר דער קאָלאָניזאַציע פֿונם לאַנד: במקום צו פֿאַרווענדעט ווערן אויף קאָלאָניזאַציע, גייען באַ-דייטנדע סומען אַוועק אויף ווייניקער פּראָדוקטיווע אויסגאַבן.

אין איינציגע שטעט זענען פֿאַראַן צו עטליכע קהילות אשכנזים באַזונדער, ספֿרדים באַזונדער, בוכאַרער, און תימנער, אויך באַזונדער. זיי פֿירן אַלע אַ נעבעכדיקע עקזיסטענץ. די ביל-דונג - אַנשטאַלטן, שפּיטאָלן, יתומים-הייזער און אַנדערע נייטיקע געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס באַקומען פֿון זיי כמעט קיין שום הילף.

דער פּרוב פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג צו שאַפֿן אַ פֿאַקטישע אויטאָנאָמיע דורך דער צונויפֿרופֿונג פֿון אַ דעפּוטאַטן-פֿאַרזאַמלונג (אספֿת-הנבחרים) און דערנאָך צוגעבן דער דאָזיגער פֿאַקטישער אויטאָנאָמיע אַ לעגאַלן יסוד, האָט זיך דורך

כּלל נישט איינגעגעבן. די „אספּת הנבחרים" איז טאַקע אויס־געקליבן געוואָרן לויט אַ גאַנץ דעמאָקראַטישן וואַל־רעכט, נישט קוקענדיג אויף די פּראָטעסטן און באָיקאָט פון דער עקסטרעמער אָרטאָדאָקסיע. אָבער אויסער א האַלב ווארימען, האַלב קאַלטן באַגריסונגס־בריוו פון הערבערט סעמיועל, האָט זי קיין שום יורידישע אָנערקענונג גישט געפּונען. איר אויספיר־אָרגאַן, דער נאציאָנאַל־ראַט („ועד הלאומי"), האָט מען בלויז האַלב־אָפּיציעל, נישט דורך אַן עפענטלעכער פאַראָרדנונג, געגעבן דאָס רעכט צו ווענדן זיך וועגן יידישע ענינים צו רעגירונגס־אַנשטאַלטן. די רעגירונגס־אַנשטאַלטן, פון זייער זייט, האָבן דאָס רעכט נישט צו רעכענען זיך מיט די דאָזיקע ווענדונגען....

אַלע פאָרשלאַגן פון „ועד הלאומי" וועגן שטייער־רעכט פאַר די קהילות און זייער יורידישער אָנערקענונג האָבן עד היום דעם קלענסטן ערפאָלג נישט געהאַט. דער יידישער היי־קאָמישיאָנער איז מסכים זיי צו געבן בלויז דאָס רעכט „פון פרייע רעליגיעזע קאָנ־גרעגאציעס" ד. ה. קיין שום עפענטלעכע רעכט נישט.

דער ועד הלאומי זעלבסט, די צענטראַלע פאָרשטייערשאַפט פונם ארץ ישראלדיגען ישוב האַלט זיך אויף נסים. באין ברירה האָט מען פאַר עטלעכע חדשים געשאַפן א דעמאָקראַטישן פרייוויליגן שטייער — דעם „סלע הישוב". דער „דעמאָקראַטיזם" פונם שטייער באַשטייט אין דעם, וואָס יעדער צאָלט גלייך: אָרעם און רייך, אַ שילינג פון קאָפּ. נישט קוקענדיג אויף אַזאַ אייגענאַרטיקן דע־מאָקראַטיזם, האָט דער „סלע הישוב" קיין באַזונדערן ערפאָלג נישט געהאַט און דער ועד הלאומי דעקט זיינע הוצאות פון צופע־ליקע הכנסות.

אין אַ פיל בעסערער יורידישער לאַגע געפינען זיך דער־פאַר די רבנים. דאָ האָט די רעגירונג נישט געקארגט; פאַר עטלע־כע חדשים האָט מען דאָ געשאַפן אַפאַרייניקטן ראַבינאַט, וואָס האָט באַקומען רעכט פון א רעגירונגס־אַנשטאַלט. באַפעסטיקנדיק די מאַכט פון די כלי קודש האָט די רעגירונג גאַנץ באוואוסטזי־ניק אונטערגעגראָבן די יסודות פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. געבנדיק די רבנים דאָס אומבאַשרענקטע רעכט צו משפטן אין פאמיליען־און ירושה־עניגים, האָט די רעגירונג דער־מיט געגעבן אַ טויט־קלאַפּ דעם יידעשן פרידנס - געריכט („משפט השלום"), וואָס איז ערשט פאַר איאָרן פאַרשריגן געוואָרן מצד די בירגערלעכע ציוניסטן, אַלס א געוואלטיקע נאַציאָנאַלע עראָבע־רונג. די דאָזיקע „נאַציאָנאַלע עראָבערונג", אויף וועלכער ס'איז בשעתו אַוועק נישט ווייניק ציוניסטיש געלט, האַלט איצט אין גוססען. ער האָט קיין שום אָפיציעלע אָנערקענונג נישט געפונען

און זיינע אורטיילן האָבן אַ ממשותדיקן ווערט בלויז אַ דאַנק דער אַפּריער-גייענדער התחיבות פוןביידע צדדים (ארביטראַזש-רעכט)... ס׳איז אַ לחלוטין פּריוואַטע אַנשטאַלט, וואָס קען קיינעם נישט צווינגען נישט צו פאַרענטפערן זיך, נישט צו קומען אַלס עדות...

דער מאַנגעל פון אמתע ממשותדיקע נאַציאָנאַלע רעכט שפּיגלט זיך אָפּ פּסיכאָלאָגיש סיי אין דער האַלטונג פון די יידן, סיי אין דער באַציונג פון דער רעגירונג. ווען עס קומען זיך צו-נויף יידישע פּני מיט גויעשע (ווי למשל נאָכן לעצטן יפוער פּאָ-גראָם), באַנ־צן זיך די יידעשע „נאָטאַבלן" מיט דיזעלבע מה-יפית חנ׳דלעך, וועלכע זענען שוין דערעסן געוואָרן אין גלות. ווען מען שאַפט א פאַרבאַנד פון די סוחרים, ווו די מערסטע מיטגלידער זענען נאַטירלעך יידן, פאַרלאַנגט די רעגירונג — און די יידן אַקצעפּ-טירן דאָס למען השלום, — אַז דער פאָרזיצער זאָל זיין אַן אראַ-בער.

מיר וואָלטן נישט געוואָלט, אַז דער לעזער זאָל אונז פאַלש פאַרשטיין. מיר זעען נישט קיין שום סכנה נישט פאַרן יידישען פאָלק און נישט פאַרן ישוב אין ארץ ישראל, אייב דער פאָרזי-צער פון די היגע סוחרים זאָל זיין אַן אַראַבער. ס׳וואָלט אפשר גאָר געווען א שיינער זשעסט, ווען די מערהייט פון יידישע מיט-גלידער קלויבן אויס אַלס פאָרזיצענדן דוקא אַ פאָרשטייער פון דער מינדערהייט, אַן אַראַבער. אָבער — במה דברים אמורים, — ווען קיינער פאַרלאַנגט דאָס נישט! ווען מען פאַרלאַנגט דאָס, באַקומט דאָס אַן אומאַנגענעמען, ספּעציפישן געשמאַק, וואָס וואַרפט פיל ליכט אויף דער גאַנצער לאַגע.....

---

ווער טראָגט די אַחריות פאַר דער שלעכטער לאַגע, אין וועלכער יידן געפינען זיך אין דער „נאַציאָנאַלער היים?" קאָן מען אַרויפוואַרפן די גאַנצע שולד אויף דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע?

געוויס איז די אַדמיניסטראַציע אין פילן שולדיק. געוויס האָט זי די גאַנצע צייט אין זינען אירע אייגענע אינטע-רעסן, געוויס וויל זי שאַפן אַזאַ מין לאַגע, ביי וועלכער די שנאה צווישן יידן און אַראַבער זאָל זיין אַן אייביקע מניעה פאַר זייער צוזאַמענלעבען אַליין, אָן די פליגלען פון אַ דריטער, שטאַרקע-רער מאַכט.

אַרויפלייגען אָבער די גאַנצע שולד בלויז אויף דער ענגלישער רעגירונג, וואָלט געהייסן שאַפן אַ באַקוועמע פאַרענט-פערונג פאַר די אייגענע יידישע שולדיקע. אויב די היינטיקע ענגלישע רעגירונג האָט נישט קיין שום אינטערעס זיך צו לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט, כדי צו אונטערשטיצן די יידי-

שע קאָלאָניזאַציע, האָט זי אויך קיין שום סיבה זי צו שטערן ענגלענדער זענען אַ פּראַקטיש פאָלק. זיי האָבן אַכטונג פאַר די, וואָס טוען, און פילן די גרעסטע פאראַכטונג פאַר די, וואָס פלאַפּלען; זיי ווערן פריינטלעך צו מענשן, וואָס ווייזן אַרויס קראַפט און פילן אַן אינסטיקטיוון האַס צו שוואַכע און מאַכטלאָזע. אויב די גאַנצע מיטעלערע ענגלישע אַדמיניסטראַציע אין פּאַלעסטינע, וואָס איז געקומען אַהער אָן שום באַשטימטער שטעלונג צו די יידיש-אַראַבישע באַציונגען, פירט איצט פאַקטיש אַן אַנטי - יידישע פּאָליטיק, איז דאָס דערפאַר, ווייל זי גלייבט נישט, אַז יידן זענען אימשטאַנד אויסצופירן די אַלע גרויסע פּלענער, וועלכע זיי האָבן גענומען אויף זיך אין ארץ ישראל.

ווער זשע האָט געשאַפן אַזאַ לאַגע. ביי וועלכער אַ נישט-יידישער באַאָבאַכטער, וואָס ווינט אין פּאַלעסטינע, קומט על פּי רוב צום אויספיר, אַז דער געדאַנק וועגן יידישער נאַציאָנאַלער היים אין פּאַלעסטינע איז אַן אוטאָפּיע אָדער, נאָך ערגער, אַ פּאָ-ליטישער בלאָף? אין דעם זענען שוין די ענגלענדער לחלוטין נישט שולדיק. אין דעם איז שולדיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט גענומען אויף זיך צו פאַרווירקלעכן באַלפורס דעקלאַראַציע.

דער פּאַלעסטינישער אויספיר-אָרגאַן· פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע שטט אין לאַנד אַלס סינאָנים פון אומפייקייט און פון מאָראַלישן באַנקראָט. יעדער וועט אייך זאָגן, אַז אויב איר ווילט באַגראָבן אַן אידעע, גייט מיט איר צום „ועד הצירים" און אייב איר ווילט ווערן אַ בטלן, טרעט אהין אריין אַלס באַאַמטער

ס'קאָן זיין, אַז די ארץ-ישראלדיקע געזעלשאַפטלעכע מיי-נונג טרייבט איבער. כ'גלייב, אַז צווישן די באַאַמטע פונם „ועד הצירים" זענען פאַראַן אויך בעסערע עלעמענטן, וואָס ליידן אַליין מאָראַליש פונם סיסטעם, וואָס פאַראורטיילט זייער אַרבעט אויף אומ-פּרודוקטיווקייט. אָבער אַ פאַקט איז, אַז במשך דער צייט נאָך באַל-פורס דעקלאַראַציע איז אין לאַנד קאָלאָניזאַטאָריש כמעט גאָרנישט אויפגעטון געוואָרן. אויב פריער, פאַרן אָנקומען פון הער-בערט סעמועל, איז געווען אַ גוטער תירוץ — די מיליטערישע לאַ-גע, — איז אָבער אין לעצטן יאָר דער מאָראַלישער באַנקראָט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אויפגעטראָטן בולט און קלאָר פאַר אַלעמען.

רעאַקציאָנערן לויט זייער גאַנצן געדאַנקענגאַנג, האָבן די בירגערלעכע ציוניסטן אַרויסגעוויזן אין דעם גינסטיקן היסטאָרישן מאָמענט, וואָס איז אויף זייער גורל אַרויסגעפאַלן, אַ מערקווירדי-קע קליינלעכקייט און זאָרגלאָזיקייט. במקום אויסצונוצן די באַ-גייסטערונג, וואָס איז באמת געשאַפן געוואָרן אין ברייטע קרייזן פון יידישן פאָלק, כדי אַרויסצופאָרן תיכף נאָך באַלפורס דעקלאַ-

דאַציע אָדער לכל הפחות באַלד נאָך סאַן-רעמאָ אַ גרויסע „נאַצ-יאָנאַלע“ הלוואה אויף ווירקלעך נאַציאָנאַלע יסודות און צוגעב איר אַ רעאַלן כאַראַקטער דורך דער באַגרענצונג פון אירע אויפגאַבן בלויז אויף דירעקטע קאָלאָניזאַציאָנס-צוועקן, — האָבן זיי קודם-כל אָנגעהויבן מורא צו האָבן, אַז דער בריטערער אימיגראַצ-יאָנס-שטראָם זאָל נישט פאַרפּלייצן די העברעישע קולטור-געביידע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין א"י. און אינם מאָמענט, ווען די גרעסטע עפענדיס (גרויסגרונטבאַזיצער) פונם לאַנד, פאַריאושט אין דער צוקונפט און נייטיקנדיק זיך שטאַרק אין געלט, האָבן געוואָלט פאַרקויפן זייערע האַלב-פוסטע באַזיצונגען פאַר ביליקן פּרייז, האָבן די „וויטזיכטיקע“ ציוניסטן אויסגעווירקט ביי דער ענגלישער רע-גירונג אַ פאַרבאָט פון לאַנד-קויף און דערווייל זיך רויק פאַר-נומען מיט אינערלעכער יידישער פּאָליטיק. במקום צו באַ-פעסטיקן די פּאָזיציע פון יידן אין פּאַלעסטינע האָט מען זיך גענומען צו פאַרשטאַרקן די פּאָזיציע פון ציוניסטן אין יידישן פאָלק.

ווען אין 1918-טן יאָר האָבן זיך די היגע פּועלי-ציון*) (דער ביוראָ פון פּ. אַ. פּ) געווענדט צו דער ציוניסטישער קאָמיסיע מיט אַ געוויסן פאָרשלאָג וועגן אימיגראַנטן, וואָס האָבן שוין דעמאָלט גע-קלאַפּט אין די טויערן פון לאַנד, האָבן זיי פון דער ציוניסטישער קאָמיסיע („ועד הצירים“) באַקומען אַ גאַנץ אָפּיציעלע תשובה, וואָס פאַרדינט אָפּגעשטעמפּלט צו ווערן פאַר דער געשיכטע. אין דער תשובה ווערט בפירוש געזאָגט, אַז די אימיגראַציע איז בייהיינ-טיקן מאָמענט אומגעוווּנשן און אַז די ציוניסטישע קאָמיסיע האָט שוין אָנגענומען אַלע מיטלען, כדי זי נישט צו דערלאָזן. די מיטלען זענען באמת אָנגענומען געוואָרן, — דאָס מאָל שנעל און ענערגיש. — די טיר איז באַלד פאַרשטאָפּט געוואָרן אַזוי גרינטלעך, אַז דערנאָך, ווען מען האָט זי באַדאַרפט עפענען, האָט דאָס געקאָסט פיל צייט און מי...

און ווען מען האָט שוין יאָ געעפנט אַ האַלבע טיר, האָט מען אין די וויכטיקסטע איבערגאַנגס-פונקטן געשאַפן ספּעציעלע פּאַלעסטינע-אַמטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן די פּליכט אויסצופילטרירן די אימיגראַנטן, פריער איידער זייערע פּאַפּירן קומען אָן צום ענגלישן קאָנסול. מיר זענען כמעט זיכער, אַז די דאָזיקע ציוניסטישע פּאַלעסטינע-אַמטן זענען נישט פאַר-לאַנגט געוואָרן פון דער ענגלישער רעגירונג, אַלס תנאי פאַר דער עפענונג פון די טויערן פון א"י. ס'איז דאָ אַ פולער גרונט צו גלייבן, אַז דער פאָרשלאָג דערצו איז געשטעלט געוואָרן מצד די

*) ס'איז געווען נאָך פאַר זייער פאַרוואַנדלונג אין „אחדות-העבודה“. א. ר.

ציוניסטישע פירער, וואָס האָבן געוואָלט פון זייער זייט קאָנטראָלירן די איינוואַנדערונג און אַריינלאָז, אין לאַנד בלויז די וואָס וועלן ביי זיי נושא חן זיין... די פּאַלעסטינע-זייטן אין הו״ל פאַרשלינגען אַ טייל פונם געלט, וואָס ווערט געזאַמלט אויף קאָ-לאָניזאַציע פון א״י, נישט ברענגנדיק דעם לאַנד קיין שום נוצן, דערפאַר אָבער פילט זיך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זיכערער מיט איר השפעה אין פּאַלעסטינע...

אין וועלכער ריכטונג ס׳גייט די ציוניסטישע פּילטראַציע פון דער איינוואַנדערונג, זעט מען פון איניקע פאַקטן. ווען צענדלי-קער טויזנטער יידישע קריגס-געפאַנגענע אין דייטשלאַנד, סיביר און איטאַליע האָבן זיך צום מאָמענט פון וואָפנשטילשטאַנד גע-בעטן, מען זאָל זיי איבערפירן קיין פּאַלעסטינע, האָבן זיי באַ-געגנט ביי די ציוניסטישע פירער טויבע אויערן. מן הסתם דער-פאַר, ווייל אין די יאָרן פון מלחמה און געפאַנגענשאַפט האָבן זיי זיך אויסגעלערנט בלויז אַרבעטן, ליידן און קעמפן, אָבער נישט דאָס, וואָס די ציוניסטישע מנהיגים דאַרפן האָבן... און ווען די אַמעריקאַנער יידישע לעגיאָנערן, וואָס זענען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אַליין אַגיטירט געוואָרן צו „פאַרגיסן זייער בלוט פאַר דער ערָאָבערונג פון א״י״, האָבן זיך אַרויסגעוויזן נישט פאַר אַזעלכע געהאָרכזאַמע קינדער, ווי מען האָט געהאָפט, האָט מען זיי, דעם בעסטן קאָלאָניזאַציאָנס-מאַטעריאַל — קעגן זייער ווילן — פּאַקטיש אַרויסגעטריבן פונם לאַנד.

פאַרן געלט, וואָס האָט זיך אין די ערשטע פאַר יאָרן נאָך באַלפורס דעקלאַראַציע רייכלעך געגאָסן אין דער ציוניסטישער קא-סע, האָט מען דאָ אין א״י געטון, וואָס איר ווילט, חוץ קאָלאָני-זאַציע. מען האָט געשאַפן אַ גאַנצן מיניסטעריום, וואָס האָט פאַר-נומען דעם גרעסטן האָטעל אין ירושלים, מיט פילע צענדליקער, באַאַמטע און אונטער-באַאַמטע, וועלכע מען האָט אגב נישט גע-קאַרגט אין געהאַלט. מען האָט געקלאַפּט אויף צענדליקער שרייב-מאַשינען, אַרומגעפלויגן מיט געהיימניספולע מינעס אויף „קאַזיאָנע״ אויטאָמאָבילן, געשאַפן אַן אייגענע „אינטעלידזשענס״ (אָכראַנע) און נאַפירלעך, פאַרמאָגט אויך אייגענע „דיספּאָזיציאָנס-פאָנדן״.

זיך שפּילנדיק אין אַ רעגירונג, האָט מען אַריינגענומען אין די הענט אַלע זייטן פונם היגן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

מען האָט איבערגענומען אַלע שולן, אַפילו די, וואָס זענען פריער אויסגעהאַלטן געוואָרן אויף אייגענע מיטלען אָדער געהערט צו אַנדערע אויסלענדישע געזעלשאַפטן. דערביי האָט מען גרויסמוטיק זיך אָפּגעזאָגט פון יעדער רעגירונגס-אונטערשטיצונג פאַר די (יידישע) שולן, מורא האָבנדיק, אַז די רעגירונג, געבנדיק אַ טייל פונם געלט, וועט וועלן האָבן אַ דעה בנוגע דעם סיסטעם פון די

לימודים. פריער, בעת דער מיליטערישער פאַרוואַלטונג, האָט עס זיך געהאַנדלט וועגן וויניקער באַדייטנדע סומען, היינט אָבער וואָלט די רעגירונגס-שטיצע, אויב זי וואָלט געגעבן געוואָרן אויף דער צאָל פון יידישע תּלמידים אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ, ווי אויף אַראַבישע, דערגרייכט אַ גאַנץ שיינע סומע. איצט, ווען די ציוניסטישע קאַסעס זענען ליידיקער געוואָרן, הויבן אָן די ציוניס-טישע טוער צו פאַרשטיין, ווי לעכערלעך-קינדיש און ווי געפער-לעך-פּאָליטיש איז געווען זייער שול-פּאָליטיק פון יאָר 1918—1919. אָבער ס'איז שוין צו שפּעט! די רעגירונג, אַפילו פון הערבערט סאַמועלן, האָט שוין פאַרן געלט אַן אַנדער פאַרווענדונג, און ווען מען דערמאָנט איר אַמאָל וועגן שול-גלייכבאַרעכטיקונג, ענטפערט זי, אַז חרטה איז נישט מעשה-סוחר...*)

מיט דער זעלבער ברייטקייט האָט די ציוניסטישע קאָמיסיע אַריינגענומען אין אירע הענט אַלע שפּיטאָלן און צדקה אַנשטאַלטן. מען האָט געשאַפן אויף ציוניסטיש געלט אַ משפּט-השלום (פרידנס-געריכט), אַן אינסטיטוט, וואָס איז לויט אַלע סמנים איצט דורך דער רעגירונגס-פּאָליטיק פאַראורטיילט אויף טויט. מען האָט בשותּפות מיטן דזשאָינט-דיסטריבושאָן קאָמיטעט רעפאָרמירט די „חלוקה" און געצאָלט רבנים זייער געהאַלט מיט אַ ברייטער האַנט. מען האָט סובסידירט כמעט אַלע קהילות, און געגעבן אונ-טערשטיצונגען יידישע רעגירונגס-באַאַמטע, וואָס האָבן נישט גע-קאָנט דורכקומען אויף די „אַראַבישע" פּענסיעס.

די גערעכטיקייט פאַרלאַנגט צו זאָגן, אַז צווישן די פילזיי-טיקע אויפגאַבן, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט דאָ אויס-געפירט, איז געווען אויך אַ טייל, וואָס דינט דירעקט פאַר איר ענדלעכן צוועק. מען האָט אונטערשטיצט די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיוון (קבוצות) און געהאָלפן אַ טייל פון די חלוצים צו קומען אין לאַנד.

אָבער צווישן די פילזייטיקע אַרבעטן פון ועד הצירים האָט גראָד די אַרבעט פאַרנומען ווייט נישט דעם ערשטן פּלאַץ. און חוץ דעם איז גראָד אָט די אַרבעט געטון געוואָרן אַם שלעכטסטן. מען האָט די גאַנצע צייט געקוקט אויף איר, ווי אויף אַ שווערן עול, וועלכען מען דאַרף „אָפּקומען"...

במקום געבן די ווירטשאַפטן אַן ענדגילטיקע מעגלעכקייט צו שטיין אויף אייגענע פיס, האָט מען זיי די גאַנצע צייט געהאַלטן איבערן וואַסער, וואָס האָט נאַטירלעך געקאָסט פיל טייערער. די הילף איז געווען אַ נישט-ראַציאָנעלע, פאַרשפּעטיקטע, און איר פאָרם האָט געהאָלפן אָפּצוטעמפּן די אַחריות און איניציאַטיוו פון

*) לעצטנס האָט מען שוין יאָ נאָך לאַנגע בקשות באַקומען פון דער רעגירונג אַ געוויסע קליינע סומע פאַר יידישע שולן. א. ר.

די חברים. דער רעזולטאַט איז — פּילע אויסגאַבן, מער ווי דאָס וואָלט נייטיק געווען אויף אַ מאָל, און קליינע רעזולטאַטן. די נישט-ראַציאָנעלעווירטשאַפט פון פריער איז איצט אַ שווערע מאָ־ראַלישע מניעה אויף אַריינציען קאַפּיטאַלן און אַנטוויקלען די קאָ־לאָניזאַציע אין דער צוקונפט.

די „פּילזייטיקייט” פון דער ציוניסטישער טעטיקייט נאָך באַלפור דעקלאַראַציע האָט געבראַכט די רעזולטאַטן, וואָס זי האָט געקאָנט ברענגען. דער כּוח פון דער ציוניסטישער מאַשין אינם ארץ-ישראלדיקן יידנטום איז געוואָרן געוואַלטיק. דערפאַר איז אָבער דער פאַקטישער כּוח פונם יידנטום אינם לאַנד פּיל קלענער, איידער ערב דער וועלט-מלחמה...

דאָס קורצזיכטיקע סיסטעם פון ציוניסטישער טעטיקייט האָט געהאַט אויך אַן אַנדערן, נישט ווייניקער שעדלעכן רעזולטאַט. דער ענטוזיאַזם פונם ברייטן יידישן עולם פאַר ציוניסטישער אַרבעט איז קילער געוואָרן. אינם שטראָם פון דער ערשטער באַגייסטערונג האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינמישן באַריכטן וועגן דער אמתער לאַגע אין א״י*) זיי האָבן געדינט אַלס תּירוץ (די אמתע סיבות זענען געווען אַנ־דערע) פאַר שפּאַלטונגען און רייסענישן אין דער בירגערלעכער ציוניסטישער באַוועגונג. די קאָנסעקווענץ פון דעם אַלעמען איז געווען, אַז דער ברייטער עולם אין חוץ־לארץ האָט אָנגעהויבן צו פאַרשנירן די בייטעלעך. און במקום צו פירן ברייטערע קאָלאָני־זאַציאָנס-אַרבעט, מוז איצט דער ועד הצירים, וואָס האָט אין דער צווישן-צייט פּיל פאַרלוירן פון זיין אויסערלעכן גלאַנץ, אָנהייבן טראַכטן וועגן ליקווידירן די שווערע ירושה פון די פּעטע יאָרן 1918-1919 און פּטור ווערן פון די אַלע אַנשטאַלטן, מיט וועלכע מען האָט זיך פריער לייכטזיניק באַלאַסטעט.

דאָס אומגעלומפּערטע סיסטעם פון דער ציוניסטישער טע־טיקייט און די מיט איר פאַרבונדענע האַלב-פיינטלעכע האַלטונג מצד דער מיטלערער ענגלישער אַדמיניסטראַציע, האָט געשאַפן די פּסיכאָלאָגישע אַטמאָספער, אין וועלכער די פּאָגראָם-אַגיטאַציע האָט געקראָגן אַ גינסטיקערן באָדן. דער היפנאָז פון יידישער מאַכט

---

*) אַן אָנגעזועענעם פּלאַץ צווישן די דאָזיקע באַריכטן פאַרנעמט דער „דין-וחשבון פון דער פּועלי-ציוניסטישער קאָמיסיע” (יפו, 1920), וועלכע האָט באַ־זוכט דאָס לאַנד קנאַפּ פאַר דער שפּאַלטונג פון דער פּועלי-ציוניסטישער באַוועגונג, און געמוזט, ביי אַלע הייסע ציוניסטישע סימפּאַטיען פון אירע מיטגלידער, דאָך אַרויסטראָגן אַן אייגשטימיקן פאַרניכטנדן אורטייל איבער דער טעטיקייט פון ועד הצירים. כ׳רעקאָמענדיר דעם לעזער, וואָס וויל זיך טיפער אַריינטראַכטן אין די דאָזיקע פראַגן, דורכצולייענען דאָס דאָזיקע בוך, בפרט זיינע קריטישע טיילן. די פּאָזיטיווע פאָרשלאָגן דאָרט זענען פּיל שוואַכער. א. ר.

און יידישער שאַפונגס=פעיגקייט איז ווי אַ וואָלקן צורונען געוואָרן.
דער שטילשטאַנד אין דער יידישער קאָלאָניזאַציע האָט אויפגעמונ-
טערט אַלע קעגנער פון דער מאַנדאַט-פּאָליטיק — אַראַבישע עפענ-
דיס, ענגלישע רעאַקציאָנערן, פראַנצויזישע אימפעריאַליסטן, קאַטוילישע
גלחים. די דאָזיקע אַלע שוואַרצע כוחות האָבן זיך אַוואָרף געטאָן
אויפן קרבן, פאַר וועלכן זיי האָבן שוין נישט געפילט קיין שום
אַכטונג און קיין שום מורא.*)

די דאָזיקע שטימונג אין לאַנד האָט געווירקט אויך אויף דער
פּאָזיציע פון דער לאָנדאָנער רעגירונג. פאַרשידענע היגע באַאַמטע
האַלטן געוויס אונטער נישט נאָר אָפיציעלע, נאָר אויך נישט-אָפּי-
ציעלע באַציונגען מיט די העכסטע קרייזן פון דער לאָנדאָנער גע-
זעלשאפט און ווען דאָרט דערוויסט מען זיך, אַז די קאָלאָניזאַציע
שטייט אויף איין אָרט, פאַלט מען אריין אין אַ ספק. צי לוינט זין
באמת ענגלאַנד אויסצוהאַלטן טויזנטער איבריקע סאָלדאַטן איך
א.-י., בעת דער בעל-דבר אַליין, דאָס יידישע פאָלק, אין נאָמען
פון וועלכן מען האָט אַזוי פיל פארשפרעכונגען געגעבן, ווייזט אַרויס
אַזוי ווייניק רעאַלן אינטערעס צום גאַנצן ענין.

אין איין פרט האָט די ציוניסטישע פירונג ארויסגעוויזן
גרויסע פעיקייטן. אויף דעמאָנסטראַציעס און יום-טובים איז מען די
גאַנצע צייט געווען גרויסע בריות — אָנהייבנדיק פון דער באַרים-
טער שטיין=לייגונג פון דער ירושלימער אוניווערזיטעט, פון וועל-
כער חוץ דעם גרינדונגס-שטיין איז עד היום גאָרנישט נישטאָ,
און ענדיגנדיק מיטן לעצטן באַזוך פון באַקאַנטן „יידענפריינד“
ווינסטאָן טשערטשיל... די באַציונג צו דער אַראַבישער באַפעלקע-
רונג איז פול מיט ווידערשפרוכן. אַמאָל, בעת כח איז באמת נויטיק
(יפוער פאָגראָם), ווייזט מען אַרויס כמעט פולע שוצלאָזיקייט. דער-
פאַר אָבער רעוואַנשירט מען זיך אין נאָרמאַלע צייטן, ווען די לאַגע
פאָדערט טאַקט און פארזיכטיקייט, מיט קלינגנדיקע דרשות און
פונאַנדערגעבלאָזענע מליצות, וואָס זענען באמת אימשטאַנד אויפ-
צורעגן די שכנים, בפרט, ווען דאָס לאַנד איז פול מיט פאַרקויפ-
טע אַגיטאַטאָרן, וואָס נוצן אויס יעדע נארישע רעדע, כדי זי פו-
נאַנדערצולייגן אויף טעלערלעך פאַרן אַראַבישן עולם... די שטענדיקע

*) כמעט גלייכצייטיק מיטן יפוער פאָגראָם זענען אין אנטיסעמיטישן
חיפהער „אל-כרמל“ ערשינען ארטיקלען וועגן דעם, אז דער עקספערימענט מיט
יידישער קאָלאָניזאציע איז באנקראָט און אז ס'איז געקומען די צייט אים צו
ליקווידירן. און דערביי ווערט אָנגעוויזן מיט א מערקווירדיקער זאך-קענטניש
אויף די זעלבע וועגן, וועלכע מיר אליין זעען אויסגעצייכנט — אויף קאָלאָניעס,
וואס מוזן קויפן אייער ביי די אראבער, אויף ווירטשאפטן, וואָס ברענגען דע-
פיציטן, און אויף געלטער, וואָס באקומען נישט זייער ריכטיקע פארווענדונג!

אונטערשטרייכונג פון איבערטריבענע מלוכיש-פּאָליטישע מאָ-מענטן, וואָס עקזיסטירן נישט אין דער ווירקליכקייט און נישט אַפילו אויפן פּאַפּיר, דאָס נישט אויפהערלעכע שפּיגלען זיך מיטן „יידישן" נציב, וואָס איז באמת גאָר אַן ענגלישער נציב*) און אַ גאַנצע ריי טעאַטראַלישע שריט און אינהאַלטס-לאָזע זשעסטן — דאָס אַלץ איז בשום אופן נישט קיין צייגניש פאַר דער פּאָלי-טישער רייפקייט פון די „מנהיגים" און פאַרן קאָלעקטיוון שכל פון די יידישע מאַסן. ס'איז אַ סימן, אַז זייער גייסט איז באַהערשט פון אַ שווערער קראַנקהייט, און זיי קאָנען נישט עקזיסטירן און רויק אַרבעטן פאַר דער אייגענער צוקונפט אָן אַ קינסטלעכן אָפּ-יום, וואָס רופט אַרויס באַצויבערנדע חלומות...

גאַנץ אָפט טרעפט זיך, אַז אַנדערע נוצן אויס אָט די דאָזיקע שוואַכקייט, כדי אונז צו פּראָוואָצירן אויף שריט, וועלכע מען מוז דערנאָך באַדויערן. נישט וועלנדיק אַריינגיין אין פּרטים, מוז איך דאָך געבן אַ לעררייכןביישפּיל. גראָד נאָכן ירושלימער פּאָגראָם און אַ פּאָר וואָכן פאַר איר אַוועקגיין, באַשטימט די מי-ליטערישע אדמיניסטראציע פון א"י אַ קאָמיסיע וועגן די היליקע מקומות און שלאָגט-פאָר די יידן, וואָס גיכער באַקאַנטצומאַכן זייערע פּרעטענזיעס. די חכמים פון ועד הצירים האָבן זיך אַפילו ישט געשטעלט די פראַגע: צוליב וואָס עפּעס איילט זיך אַזוי שטאַרק די מיליטערישע אַדמיניסטראַציע מיט אַן ענין, וועלכער קאָן דאָך גרייליך אָפּוואַרטן ביז צום אָנקומען פון דער ציווילער פאַרוואַלטונג. מען האָט אויף גיך אָנגעהויבן מאַכן אסיפות און געטומען טראַכטן, ווי אַזוי זאָל מען עפּעס אַרויס אַ דריי, כדי צו באַפרידיקן די „נאַציאָנאַלע" אַספּיראַציעס פונם רב קוק, וואָס וואָלט און טרוימט וועגן זבחים ושלמים אויפן הר הבית. די בלע-טער האָבן שוין אָנגעהויבן דרוקן וועגן דעם באַריכטן, פייערלעכע רמזים, און ווער ווייס צו וואָס דער גאַנצער ענין וואָלט אויסגע-וואַקסן, ווען אינצווישן וואָלט נישט געקומען הערבערט סאַמיועל וואָס האָט פאַרשטאַנען די באַהאַלטענע כונה, און אויף גיך פאַר-ריבן דעם גאַנצן ענין...

---

*) אַ יידישער נציב וואָלט געווען אַן אַדמיניסטראַטאָר, וואָס ווערט באַשטימט דורך יידן און באַקומט זיין כח פון יידן. אַ שפּאַניער, וואָס דינט אַלס גענעראַל, אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, איז אפשר אַ גאַנץ גוטער שפּאַ-ניער, אַלס מענש; אָבער אַלס גענעראַל, איז ער אַ פראַנצויז און וועט אפשר נאָך אָפּהיטן די פראַנצויזישע אינטערעסן בעסער ווי אַ געבוירענער פראַנצויז — מיר זענען לחלוטין נישט געווען פאַראינטערעסירט צו פאַרטונקלען עם אמתן צושטאַנד, נאַרן די יידן און רייצן די אַראַבער מיט פאַלשע אויס-דרוקן, וואָס קאָנען אונז גאָרנישט ברענגען אויסער שאָדן.

און אָפּטמאָל באַגייט מען סתם „חכמות”. האָט למשל ווייצמאַן אויף אַ פאַרזאַמלונג אין אויסלאַנד, אָנגעמערקט, אויף זיין „נביאישן” שטייגער, אַז דער צענטער פון דער ארץ-ישראלדיקער אינדוסטריע וועט זיין אויפן ים-ברעג צווישן חיפה און עכו, וווּהין ס'וועט אונטערגעפירט ווערן די עלעקטרישע ענערגיע פונם ירדן. איצט, אַז איר וועט וועלן אָפּקויפן ביי אַן עפּענדי אַ שטיקל בלאָטיקן באָדןביים יפוער גאָלף, וועט ער פאַרלאַנגען אַ צענפאַכן פרייז. סטייטש, דר. ווייצמאַן אַליין האָט געזאָגט..

דער ארץ-ישראלדיקער ישוב און באַזונדערס, זיינע אָפּיציעלע פאָרשטייערשאַפטן — „ועד הזמני” און דערנאָך ועד „הלאומי”, — טראָגן אויף זיך אַ באַדייטנדן טייל פון אחריות פאַר דער לאַגע, וואָס האָט זיך איצט געשאַפן אין לאַנד. אָן שום באַדינגונגען און גאַראַנטיעס האָבן זיי זיך אין גאַנצן געשטעלט אויף דער זייט פון דער איצטיקער ציוניסטישער לייטונג, פאַרדעקנדיק מיט זייער אויטאָריטעט אַלע אירע פעלערן און חטאים. אַריינגעטאָן אין אַן ענגן קרייז פון אָרטיקע אינטערעסן, האָבן זיי פאַרקויפט די בכורה פון קאָלאָניזאַציע פאַרן לינזן-געקעכץ פון דעם חינוך און דערפאַר האָבן זיי נישט דערגרייכט אַפילו קיין קאָנטראָל איבער דער „אַרבעט” פון ועד-הצירים.

דער א"י-ישוב, וועלכער זעט מיט זיינע אייגענע אויגן, וואָס עס טוט זיך, האָט נישט געטאָרט האַנדלען אַזוי. ער האָט געזאָלט זיך דערהייבן איבער די ד' אמות פון אָרטעקע אינטערעסן און קודם כל האָבן אין זינען דאָס גרויסע פּראָבלעם פון קאָלאָניזאַציע. ער האָט געזאָלט מוותר זיין אויף יעדע הילף פון חוץ-לאַרץ פאַר אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע צוועקן (אויסער די געזעלשאַפטלעכע באַדערפענישן פון די נאָר וואָס אנגעקומענע). ס'וואָלט געווען פון זיין זייט אַ קרבן, אָבער דערפאַר וואָלט ער געקריגן דאָס מאָראַלישע רעכט צו פאַרלאַנגען, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זאָל זיך אויך פון איר זייט אָפּזאָגן פון די גרויסע „פּאָליטישע און דיפּלאָמאַטישע” הוצאות אין די הויפּט-שטעט פון דער אַנטאַנט, וואָס ברענגען קיין שום נוצן און דיסקרעדיטירן בלויז מאָראַליש די, וואָס טרעטן-אויס די קאָרידאָרן פון די זיגרייכע רעאַקציאָנערע דיפּלאָמאַטן. דעמאָלט וואָלט די ציוניסטישע אַרבעט געוואָרן באַדייטנד פּראָדוקטיווער, און דער שטראָם פון קאַפּיטאַלן קיין א"י וואָלט זיך נישט אַזוי גיך אָפּגעשטעלט.

ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז דער פאַרמעגלעכער טייל פון ישוב האָט אַזאַ קרבן נישט געוואָלט ברענגען. ער איז נאָך שטאַרק דורכגעדרונגען מיט חלוקה-טראַדיציעס און היט זיך קודם כל פאַר איבריקע הוצאות. פאַרוואָס אָבער האָבן די „אָפּיציעלע” אַרבעטער-פּאַרטייען —„אחדות-העבודה” און „הפועל-הצעיר” — געלאָזט דער

דאָזיקן צושטאַנד זיך איינזואָרצלען? פאַרוואָס האָבן זיי מיט אַן עניוות, — וואָס האָט נאָך נישט איר גלייכן אין דער געשיכטע פון דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער-באַוועגונג, — מוותר געווען אויפן רוב, וועלכן זיי האָבן פאַרמאָגט אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג („אספת הנבחרים״), כדי צו ווערן אַ מינדערהייט אין איר איספּיר-אָרגאַן, אין „ועד הלאומי״? האָבן זיי געהאַלטן, אַז די „אספת הנבחרים״ איז די ריכטיקע פאַרקערפּערונג פון דער אידעע פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע — טאָ פאַרוואָס האָבן זיי נישט אויסגענוצט זייער מערהייט און צווינגען דעם ישוב אויסהאַלטן אַליין זיינע שולן, נישט באַנוצנדיק זיך צוליב דעם צוועק מיט דער ציוניסטישער פּושקע? פאַרוואָס האָבן זיי נישט פאַרלאַנגט, מען זאָל אויסנוצן דעם זעלבן פּאָליטישן איינפלוס, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַזוי ווירקזאַם, בעת ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן גרויסע דעקלאַראַציעס אין בריטישע הבטחות, כדי צו צווינגען די אַדמיניסטראַציע פונם לאַנד צו ערפילן אירע עלעמענטאַרע פליכטן בנוגע דער בילדונג און דעם געזונט-צושטאַנד פון אירע איינוואוינער?

דער פאַקט, וואָס די `איבנדערמאָנטע אַרבעטער-פּאַרטייען זענען איצט אַ מינדערהייט אין „ועד הלאומי״, באַפרייט זי נישט פון אחריות פאַרן געשאַפענעם צושטאַנד. אַ מינדערהייט קאָן פון זיך אַראָפּוואַרפן די אחריות בלויז דעמאָלט, ווען זי איז א מינדערהייט קעגן איר אייגענעם ווילן. ווען זי איז אָבער אַ פרייוויליקע מינדערהייט, ווען זי האָט, צוליב אָפּאָרטוניזם, זיך אָפּגעזאָגט פון איר מערהייט לטובת די בירגערלעכע עלעמענטן, — דאַן פאַלט אויף איר אַ טאָפּלטע אחריות.

און באַזונדערס שווער ווערט די אחריות, אַז מען דערמאָנט זיך, וואָס פאַר אַ געוואַלטיקע ראָל האָט געקאָנט שפּילן די יידישע אַרבעטערשאַפט אין פּאַלעסטינע, ווען, פירנדיק אַן אויסגעהאַלטענע קלאַסן-פּאָליטיק, וואָלט זי קאָנצענטרירט אַרום זיך די גרויסע יידישע אַרבעטנדע מאסן אין גלות, וועלכע מען האָט איצט אָפּגעשטויסן פון זיך דורך קורצזיכטיקייט און אָפּאָרטוניזם.

---

וו איז אָבער דער ריכטיקער וועג? וואָס דאַרף טאָן אַ יידישער אַרבעטער, וואָס איז פאַרינטערעסירט אינם אויפבוי פון ארץ ישראל?

האָפן אויף דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס וועט געבן די מעגלעכקייט אויסנוצן באַדייטנדע כחות — יידישע און אינטערנאַציאָנאַלע, — פאַרן פּראָלעטאַרישן ציוניזם?

געוויס! און נישט נאָר האָפן דאַרפן מיר, נאָר אויך טאָן טאַקע אַלץ, וואָס עס איז אין אונזערע כחות, כדי דעם דאָזיקן מאָמענט צו דערנענטערן.

אָבער באַנוגענען זיך דערמיט טאָר מען נישט! יעדער פּרוב איבערצוּלאָזן די פּאָטענציעלע כּחות פֿונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין אַ פֿארגליווערטן צושטאַנד ביז צוּ דעם גליקלעכן מאָמענט פֿון אַלוועלטלעכער באַפֿרייונג וואָלט געווען פֿאַלש און שעדלעך.

אַן אמת-איבערצייגטער ערנסטער סאָציאַליסט, און דוקא פֿון לינקסטן פֿליגל, טאָר נישט אונטערשאַצן די כּחות פֿונם קאַפּיטאַליזם, וועלכער הערשט נאָך אין דער וועלט. להיפּך, אַלע סימנים ווייזן, אַז ער איז נאָך זייער שטאַרק, שטאַרקער, איידער מיר האָבן זיך פֿאַר א פּאָר יאָרן פֿאָרגעשטעלט און אַז מיר מוזן זיך נאָך ריכטן צו אַ שווערן און אפשר אויך לאַנגן קאַמף.

אָבער דאָך איז דער קאַפּיטאַליזם איצט צוליב פֿיל סבות שוואַכער, איידער ער איז געווען ערב דעם וועלט-קריג. ער איז שוין נישט בכח אויטאָמאַטיש מבטל צו מאַכן יעדן פּרוב פֿון קאָאָפּעראַטיווער פּראָדוקציע. פֿאַר קאָאָפּעראַטיווער ווירטשאַפֿט בכלל (און פֿאַר קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניזאַציע בפֿרט) עפֿענען זיך איצט באַדייטנדע פּערספּעקטיוון. זי איז איצט אַפֿילו געוואָרן אַ נייטיקע פּאָרויסזעצונג, כּדי די עראָבערונג פֿון פּאָליטישער מאַכט זאָל ברענגען נישט צום פֿולן חורבן פֿון דער ווירטשאַפֿט, נאָר צו איר באַלדיקער איבערבויונג אויף סאָציאַליסטישע יסודות.

די דאָזיקע איבערגאַנגס-לאַגע עפֿנט פֿאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט ברייטע אויסזיכטן פֿון זעלבשטענדיקער שאַפֿונג אין פּאַלעסטינע. די שאַפֿונגס-כּחות פֿונם יידישן פּראָלעטאַריאַט דאַרפֿן קאָנצענטרירט ווערן אַרום איין פֿאַרייניקטן אָרגאַן, וואָס זאָל ווערן אַ וויכטיקער פֿאַקטאָר אין דער אויפֿבויונג פֿונם יידישן טעריטאָריאַלן צענטער. דער פּרוב פֿון דער „אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע" (הסתדרות הכּללית), וואָס איז געמאַכט געוואָרן פֿאַר עטלעכע חדשים אין פּאַלעסטינע און האָט שטאַרק אַראָפּגעגליטשט פֿונם וועג צוליב דער קורצזיכטיקער פּאַרטייישער אויפֿפֿאַסונג פֿון זיינע אויפֿגאַבן מצד דער הערשנדער מערהייט, — מוז אויסגעבעסערט און פֿאָרטגעזעצט ווערן. *) נאָך מער — ער מוז אַריבערגעטראָגן ווערן אויך אין די גלות לענדער, ווו ער דאַרף אָננעמען אַ ברייטן כאַראַקטער פֿון אַ פּראָלעטאַריש-ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס זאָל אָנפֿירן זיין אַרבעט לחלוטין אומאָפּהענגיק פֿון דער בירגערלעך-ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אינם דאָזיקן פּראָלעטאַריש-ציוניסטישן קאָנגרעס דאַרפֿן זיך באַטייליקן אַלע יידישע עקאָ-

---

*) פֿון דעם איז געדרונגען, אַז די אַרויסטרעטונג פֿון די ארץ-ישראלדיקע לינקע פּועלי-ציון פֿון דער דאַזיקער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע, איז נישט קוקנדיק אויפֿן אַפּאָרטוניסטישן כאַראַקטער פֿון איר איצטיקער מערהייט, געווען, פֿון פּועלי-ציוניסטישן שטאַנדפּונקט, אַ שווערער טעות. א. ר.

נאָמישע און פּאָליטישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס. אויסער די וואָס זענען לויט זייער עצם כאַראַקטער פיינטלעך צו דער אידעע פונם פּאַלעסטינע-צענטער. דער פּאַלעסטינע-אַרבעטער-פאָנד, וואָס איז לכתחילה געווען, לויט זיין אידעע, אַ געזונט קערנדל פון זעלבשטענדיק פּראָלעטאַרישער שאַפונג פאַר פּאַלעסטינע, און האָט דערנאָך, באַקומענדיק אַן ענג פּאַרטייישן כאַראַקטער, פאַרלוירן במעט זיין גאַנצע פריערדיקע באַדייטונג, — מוז איבערגעגעבן ווערן אין רשות פונם דאָזיקן פּראָלעטאַריש-ציוניסטישן קאָנגרעס. ער דאַרף פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ וויכטיקן קאָלאָניזאַציאָנס-פאָנד. דער פּראָלעטאַריש-ציוניסטישער קאָנגרעס וועט בלויז דאַן ערפילן אונזערע ערוואַרטונגען, ווען ער וועט זיין נישט נאָר קיין דעמאָנסטראַציע פון פאָדערונגען און נישט נאָר קיין בימה פאַר פּאַרטייי-דעקלאַראַציעס, נאָר אַ שטענדיקער אינסטיטוט, מיט שטענדיקע אויספיר-אָרגאַנען סיי אין חוץ לארץ, סיי אין א"י. ער וועט, אין פּראָצעס פון זיין פאַרשטאַרקונג, אַריינציען אין זיך פאַרשידענע נישט גאַנץ פּראָלעטאַרישע, אָבער אַלנפאַלס אַרבעטנדע עלעמענטן, און וועט, ביי דער ענדערונג פון די אויסע־לעכע באַדינגונגען איבערנעמען אויף זיך די גאַנצע קאָלאָניזאַציאָנס-אַרבעט. דערווייל אָבער מוז ער, זיך אָנשפּאַרנדיק אויפן פאַרגרעסערטן און רעפאָרמירטן פ. א. פ., שטרעבן אַריינצוציען קיין א. י. אויף זיכערע יסודות די מיטלען און ענערגיע פון די יידישע אַרבעטנדע מאַסן אין גלות.

די שאַפונג פון אַ פאַראייניקטן אַרבעטער-כח צוליב דעם בוי פונם יידישן אַרבעטס-צענטער אין א"י, איז אַ טאַט, וואָס שטייגט אַריבער די כחות פון אײן טייל פון דער אַלוועלטלעכער פּועלי-ציוניסטישער באַוועגונג. אינם מאָמענט ווען די רעכטע פּועלי-ציון האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אייניקונג מיט זייערע לינקע חברים, כדי צו קאָנען איינהאַלטן די אייניקונג מיט די בירגערלעכע ציוניסטן האָבן זיי פאַראורטיילט זיך צו אומפּראָדוקטיוויטעט, און זייערע לינקע חברים — צו אומגעוואָלטער פּאַסיוויטעט. אויב די ווידער-פאַראייניקונג פון פּועלי-ציון וועט זיך אַרויסווייזן פאַר אוממעגלעך צוליב וועלט-פּאָליטישע חלוקי-דעות, טאָ מוז מען, ווייניקסטנס, קומען צו אַ קאָאָרדינאַציע צוליב דער שאַפונג פון אַ געמיינזאַמען גרויסן קאָלאָניזאַציאָנס-אַנשטאַלט.

כל זמן דער קאַפּיטאַליסטישער סדר הערשט נאָך אין דער וועלט, וועט אין דער אויפבויונג פון א"י שפּילן אַ געוויסע ראָליע —אָפּטמאָל אַ נוצלעכע, און אַ מאָל אויך שעדלעכע, — אויך דער פּריוואַט-קאַפּיטאַל. ס'איז אַן אוטאָפּיע צו גלייבן, אַז אין די באַדינגונגען פון קאַפּיטאַליסטישער וועלט, קאָן מען קאָלאָניזירן אַ לאַנד אין ברייטן מאַסשטאַב בלויז מיט פּראָלעטאַריש - געזעלשאַפטלעכע

קאַפּיטאַלן און בלויז אויף דעם סיסטעם פון קאָאָפּעראַטיווער קאָ-
לאָניזאַציע. אויב אַפילו די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד, וואָס פאַר-
מאָגן, נישט קוקנדיק אויפן גאַנצן חורבן, אַ ברייט און פרוכטבאַר
לאַנד, אַ שטאַרקע מאַכט און העכסט פעיקע מענשן — אויב אַפילו
זיי מוזן מיט געוויסע באַשרענקונגען צולאָזן דעם אויסלענדישן,
קאַפּיטאַל — זענען מיר אין א"י לחלוטין נישט אין דער לאַגע,
אַז מיר זאָלן קאָנען אפּלייקענען יעדע ראָליע פונם פּריוואַט-
קאַפּיטאַל אינם בוי פונם לאַנד.

כדי אָבער דער פּריוואַט-קאַפּיטאַל זאָל נישט ווערן צו אַ
שטאַרקער געפאַר, וואָס וועט דערשווערן אונזער אייגענע טע-
טיקייט אין לאַנד, מוז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט זיין שטאַרק
און אייניק. מען מוז פאַרמאָגן אַזאַ אינסטרומענט, ווי אַן אַלוועלט-
לעכן פּראָלעטאַריש-ציוניסטישן קאָנגרעס (אָדער געברויכנדיק אַן
אַנדער טערמינאָלאָגיע: אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער-צוזאַמענפאָר)
וואָס זאָל קאָנען אַרויפלייגען זיין שטעמפּעל אויף דער לאַגע אין
לאַנד. דאָס איז אַ פיל ווירקזאַמערער מעטאָד פון קאַמף איידער שיי-
נע סאָציאַליסטישע דרשות אויף בירגערלעך-ציוניסטישע קאָנגרעסן,
וועלכע זענען, אַגב, די גרעסטע פּסיכאָלאָגישע מניעה פאַר דער
שאַפונג פון אַן אייגענעם ווירקזאַמען פּראָלעטאַרישן קאָלאָ-
ניזאַציאָנס- אָרגאַן *).

דער מאָמענט איז זייער ערנסט. מיר שטייען פאַר דער סכנה,
אַז נישט נאָר דער געדאַנק וועגן יידישן צענטער אין א"י וועט בטל
ווערן, נאָר, אַז אַפילו די אַרבעט פון די צענדליקער יאָרן זאָל
גיין לאיבוד. און ס'וואָלט גוט געווען, ווען די בירגערלעך ציוניס-
טישע פירער במקום צו זאָגן דעם פאָלק מוסר, בעת גראָד דאָס
„פאָלק" האָט יאָ ערפילט זיין חוב, וואָלטן אין אַזאַ ערנסטן מאָ-
מענט זיך אַליין געשלאָגן על חטא און עפנטלעך מודה געווען
אין זייערע זינד:

— חטאנו! אָשמנו! מיר האָבן צופּטרט דאָס געזעלשאַפטלע-
כע געלט! מיר האָבן פאַרנאַכלעסיקט באַדייטנדע געלעגנהייטן פאַר
פּראָדוקטיווער שאַפונג! מיר האָבן מקריב געווען דעם געדאַנק פון
נאַציאָנאַלער היים אויפן מזבח פון מרכז רוחני! מיר האָבן נישט
אַרויסגענומען קיין מוסר- השכל פון דער פאַראיאָריקער ירושלימער
אָנצוהערעניש".

און די פירער פון דער ארץ ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט

*) די פּאָזיטיווע פאָרשלאָגן פאַר יידישער פּראָלעטאַרישער זעלבסטטעטי-
קייט אין פּאַלעסטינע זענען געמאַכט בלויז אין אַן אַלגעמיינער, סכעמאַטישער
פאָרם. מיר האָבן בקרוב צו באַאַרבעטן זיי גענויער אין אַ באַזונדער בראָשור.

א. ר.

וואָלטן אויך געהאַט, אויף וואָס זיך מתודה צו זיין...

אָבער זיי ווע̇לן דאָס אַלע נישט טון. אַלע זענען צופֿרידן, פֿון זייער „אַרבעט" און אלע פֿאַרהערלעכן זייערע „גאָונישע פֿעיקייטן". אַלע האַלטן אין איין שטאָלצן בלאָזן זיך פֿאַר די ברייטע יידישע מאַסן און אין זאָגען מוסר דעם פֿאָלק, וואָס האָט נישט פֿאַרשטאַנען זייערע געניאַלע פּלענער און נישט אויסגענוצט דעם היסטאָרישן מאָמענט.

דאָס „פֿאָלק" הערט און שווייגט... און זיין שווייגן רעדט מער פֿון יעדער אָפּשטימונג...

די לערן פֿון דער געשיכטע עקזיסטירן, זעט אויס, בלויז פֿאַר די געלערנטע און פֿאָרשער, וואָס ווע̇לן זיי אונטערזוכן מיט דורות שפּעטער. מענשן, וואָס שטייען אַליין אין דער מיט פֿון דער געשיכטע, לערנען גאָרנישט פֿון זייערע אייגענע פֿעלערן, זיי פֿאַרעקשנען זיך בלויז אַלץ מער און מער *).

מיר גלייבן, אַז אין ארץ ישראל זענען פֿאַראַן אָביעקטיווע באַדינגונגען פֿאַר דער פֿאַרווירקלעכונג פֿונם יידישן טעריטאָריאַלן צענטער, און מיר גלייבן אויך, אז די פֿאַרווירקלעכונג פֿונם דאָזיקן צענטער איז אַ לעבנס-פֿראַגע פֿאַר די ברייטע יידישע אַרבעטנדע מאַסן. און ווען מען זעט, ווי די דאָזיקע מעגלעכקייט גייט לאיבוד צוליב קורצזיכטיקייט, רעאַקציע און מאַנגל אין שאַפֿנדע פֿעיקייטן, דאַן ווערט גאַנץ שווער אויפֿן האַרצן.



*) סיידן, זיען זיי זענען באמת גרויסע, געניאַלע היסטאָרישע פּערזענ-לעכקייטן, ווי למשל פֿון לענינס שניט. אָבער כ'וויל זיך נישט איינלאָזן אין פֿאַרגלייכן, וואָס וואָלטן געווען באַליידיגענד פֿאַר... לענינען.

א. ר.

# נאך סאמיועלס דעקלאראציע.

כ'וועל אָנהייבן מיט אַ סוד, וועגן וועלכן אַלע ווייסן סיי ווי.

ס'איז געווען עטלעכע טעג נאָכן יפֿוער פּאָגראָם. די האַלטונג פֿון דער פּאָליציי און פֿון די אויספֿאָרשונגס=קאָמיסיעס, דער פֿאַרבאָט פֿון אימיגראַציע, די אָפֿענע קאָקעטירונג מיט פּאָגראָמשטשיקעס, — האָבן אַרויסגעבראַכט פֿון געדולד אַפֿילו די, וואָס זענען במשך די לעצטע עטלעכע יאָר געווען שווייגנדיקע ווערקצייג אין די הענט פֿון דער ענגלישער פּאָליטיק. די בירגערלעכע מיטגלידער פֿון ועד-הלאומי און אפֿילו די אויבער=רבנים, — וואָס זענען אויפֿגעכאָוועט געווען אויף סאַמועלס בוזעם, אַלס אַ קעגנגעוויכט צו יעדער פּראָגרעסיווער ערשיינונג אינם יידנטום, — האָבן דערפֿילט, אַז ווייטער קאָן דאָס אַזוי נישט גיין. מ'האָט אָנגענומען אַ שאַרפֿע פּראָטעסט-רעזאָלוציע און באַשלאָסן אַרויסצושטעלן צום העכסטן היגן פֿאָרשטייער פֿון דער ענגלישער מאַכט אייניקע אולטימאַטיווע פֿאָדערונגען, — בעיקר וועגן שטרענגער באַשטראָפֿונג פֿון די שולדיקע און באַלדיקער עפֿענונג פֿון דער אימיגראַציע אויב נישט, — וועלן זיי אַלע, אַלס פּראָטעסט, צוריקטרעטן פֿון זייערע פּאָסטנס.

אָבער דער צד-שכנגד האָט ווייטער אויסגערעכנט:

— „מיין פּאָליטיק וועל איך צוליב אייערע פּראָטעסטן נישט בייטן. כ'האָב אויף איר גענוגנדע סיבות. אויב אָבער איר וועט מיר עפֿנטלעך אויסדריקן אייער אומצוטרוי, וועל איך אייך צוליב=טון און גלייך אָפּטרעטן פֿון מיין אַמט. געדענקט אָבער, אַז אויף מיין אָרט וועט קומען אַהער אַ מענטש מיט אויסגעשפּראָכענע אַראַבישע סימפּאַטיעס, אָדער איינער, וואָס וועט זיך רעכענען בלויז מיט ענגלישע אינטערעסן. באַטראַכט דעריבער גוט, וואָס וועט פֿון דעם אַרויסקומען”.

די „פּני” פֿונם ישוב האָבן זיך אומגעקערט פֿון דער אודיענץ אין אַ נידערגעשלאָגענער שטימונג און ווידער באַטראַכט די לאַגע. זיי האָבן איינגעזען, אַז דער נס פֿון יריחו איז בלויז איינמאָל געשען און אַז מיט פּאַפּירענע פּראָטעסטן קאָן מען נישט בייטן די ליניע פֿון דער ענגלישער פּאָליטיק. זיי האָבן איינגעזען, אַז דער וועג, אויף וועלכן זיי זענען געגאַנגען במשך די לעצטע פֿיר יאָר, האָט זיי אַריינגעבראַכט אין אַ טעמפּן ווינקל, און אַז ס'איז נישט פֿאַרבליבן קיין שום מעגלעכקייט, אויסער באַדינגונגס-

לאָזער אונטערוואַרפונג. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען מוז זיך פירן, ווי גוטע קינדער און אונטערגעבן זיך דעם אומפאַרמיידלעכן גורל.

ווייל קיין אַנדער ברירה איז נישטאָ.

זיי האָבן דאָס איינגעזען און צוריקגעצויגן זייער אולטימאַטום. באַשלאָסן אַפילו קיין פּראָטעסט נישט צו פאַרעפנטלעכן. און פונם גאַנצן ענין איז געבליבן אַן אומאַנגענעמער מוסר-השכל, אַז אולטימאַטומס, וועלכע מען מוז צוריקנעמען, זענען פיל ערגער, איידער אולטימאַטומס, וואָס זענען נישט געווען.

בלויז בן-צבי, כדי צו שאַפן כאָטש אַן אויסערלעכן הסכם צווישן דער פּאָליטיק פון זיין פּאַרטיי און אירע אַרטיקלען, איז — עטוואָס פאַרשפּעטיקט — אַרויס פון דעם פּאַלעסטינישן לאַנדס-ראַט.

---

אויב דער מאַן אויפן הר-הצופים*) האָט נישט געשמייכלט פון אויבן אַראָפּ בעת דער „אולטימאַטיווער" אידיענק, — האָט ער דאָס נישט געטון נאָר צוליב דער גוטער ערציונג פון אַן ענגלישן דזשענטעלמען. אין זיין האַרצן האָט ער געקאָנט רויק שמייכלען. ער האָט געוווּסט, אַז די פאָרשטייער פון ישוב וועלן זייערע דראָונגען נישט אויספירן, ווייל זיי זענען געווענדט קעגן זייער ביזאיצטיקער פּאָליטיק און זיי האָבן איצט שוין קיין שום ברירה איידער צו קושן די בייטש, וואָס האָט זיי נאָר וואָס געשמיסן און וועט זיי מן-הסתם נאָך שמייסן.

ער האָט געקאָנט רויק שמייכלען.

ווייל די גרויזאַמע טייוולאָניש-קלוגע בריטישע פּאָליטיק האָט אויך דאָס מאָל איר ציל דערגרייכט. מען האָט דעם גייסטיק-קראַנקן פאָלק אַ פאַרשיכורנדן אָפּיום געגעבן, כדי עס זאָל זיך צוהוליען און אין טומל פון באַגייסטערונג יעדע מאָס פון רעאַליטעט פאַרלירן. מען האָט עס איינגעלוליעט אינם נאַרישן גלויבן, אַז אייביק און באַדינגונגסלאָז וועט עס זיין אונטערן שוץ פונם מעכטיקן ענגלישן לייב („על פסי ברזל!") און קאָן דעריבער מיט פאַראַכטונג קוקן און פּראָוואָצירן די כחות, וואָס זענען פאַרשטעקט אין לאַנד גופא.

דער ציל איז דערגרייכט.

דער פייער-רינג איז געשלאָסן. קרייץ און האַלבע לבנה זענען קעגן יידן פאַראייניקט. און דאָס יידישע פאָלק, דאָס פאָלק פון

---

*) הר-הצופים, באַלד ביים הר-הזיתים, איז דער באַרג ביי ירושלים, אויף וועלכן ס'געפינט זיך דער פּאַלעסטינער רעגירונגס-פּאַלאַץ. דאָרט וווינט אויך הערבערט סאַמועל.

פרייען גייסט און אייביקן פראָטעסט, איז איצט גוט דרעסירט. עס וועט שוין ערפילן זיין „מיסיע“, צום רום און פראַכט פון ענגלישן אימפעריאַליזם. עס וועט זיך אפשר נאָך יעדן שמיץ — מער מחמת געוווינהייט — טרייסטן מיט רעוואָלוציאָנער-קלינגענדע מאמרים; אָבער זייערע אויטאָרן וועלן אַליין ביים ערשטן ערנסטן ווונק זיך וואַרפן צו ערפילן דעם ווונש פון זייערע האַרן. ווייל דער פייער-רינג איז געשלאָסן, און קיין אַנדער ברירה איז פאַר זיי נישטאָ.

מען האָט זיך בלינד פאַרלאָזט אויפן אויסערלעכן כח און אינגאַנצן פאַרנאַכלעסיקט יעדע מעגלעכקייט פון אינערלעכער שאַפונג. דאָס גאַנצע פאַרמעגן, דאָס גרויסע שפּיל, — האָט מען אויף איין קאָרט געשטעלט. די קאָרט וואַקלט זיך, זי פאַרראַט אונז. קאַלטער שווייס באַדעקט דעם שטערן. אָבער מיט ציטערנדיקע הענט האַלט מען זיך פאַר איר און מיט דער ענערגיע פון אַ דערטרינקענדן כאַפּט מען זיך פאַר יעדן שטרוי. נעכטן איז דאָס געווען סאַמועל, היינט — טשערטשיל און מאָרגן מן-הסתם עמיצער אַן אַנדערער. און בעת דער באָדן גליטשט זיך פון אונטער די פיס שרייט מען אויס, כדי זיך אַליין צו באַטויבן:

„תחי ממשלת המנדט!“
און קאַלטער שווייס באַדעקט דעם שטערן...
דער מאַן אויפן הר-הצופים מעג רויק זיין.

ער ווייס, אַז ווען טשערטשילס נחמה-ווערטער (די ראָלן זענען גוט פאַרטיילט!) וועלן דערגרייכן קיין א"י, וועט דער ועד-הלאומי אָדער ועד-העיר אַרויסהענגען זיי מיט טריומף אויף די גאַסן, און טויזנטער יידן וועלן ווידער אַריינקומען אין אַ נייעם משיח-עקסטאַז, — און ווינסטאָן טשערטשיל, דער העלד פון אַנטווערפן, דער העלד פון גאַליפּאָלי, דער העלד פון אַרכאַנגעלסק, וועט ווערן אויך דער העלד פון יידישן פאָלק!

ער ווייס, אַז ווען ער, דער פרומער ייד, וועט אַריינקומען שבועות אין דער „חורבה“, וועלן זיינע גוט-האַרציקע יידן אים אַלץ פאַרצייען, און די אונטערטעניקע בלעטער וועלן אָפּדרוקן פייערלעך-טריומפירנדיקע ידיעות...

---

און אינם זעלבן טאָג, ווען די טראַגי-קאָמישע געשיכטע מיטן יידישן אולטימאַטום איז ערליידיקט געוואָרן אויף אַזאַ שטילן אופן, האָט מען אַלס נחמה צוגעזאָגט, אַז דעם 3-טן יוני וועט קומען אַ רעגירונגס-ערקלערונג, ווו די צוקונפטיקע פּאָליטיק וועט קלאָר געמאַכט ווערן. די הבטחה איז ערפילט געוואָרן. דעם 3-טן יוני 1921 האָט מען אונז באַשערט מיט דער סאַמועל-דעקלאַראַציע אין די בלעטער איז אויסגעדריקט די מיינונג, אַז די סאַמו-

על-דעקלאַראַציע איז לויט איר אינהאַלט א ליקווידאַציע פון דער היסטאָרישער באַלפור-דעקלאַראַציע. מיר קאָנען נישט מיט דער דאָזיקער מיינונג פולשטענדיק מסכים זיין. געוויס איז די דעקלאַראַציע פון 3 יוני אַ ליקווידאַציע פון דעם אינהאַלט, וועלכן יידן האָבן בשעתו אריינגעלייגט אין באלפורס דעקלאַראַציע. צי שטייט די אָבער אין אַזאַ שאַרפער סתירה צו דעם, וואָס דער בעל-דבר אַליין, די ענגלישע רעגירונג, האָט געמיינט מיט איר שטאַרק צו-שווימענער הבטחה, — דאָס איז נאָך אַ גרויסע פראַגע.

אויסער סענטימענטאַלע באַנקעט-רעדעס וועגן דעם יידישן פאָלק, וואָס האָט געגעבן דער וועלט די ביבל, און וועגן דער געוואַלטיקער קולטור-ראָל, וועלכע יידן וועלן שפילן אין מזרח, זענען אונז באַקאַנט דריי גענויע אָפיציעלע פירושים צו דער באַלפור-דעקלאַראַציע, וועלכע זענען מערקווירדיקערווייז אַלע גע-מאַכט געוואָרן אין ירושלים אויפן הר-הצופים. דער ערשטער פירוש איז געווען פון גענעראַל באָלס גלייך נאָכן באַשלוס פון סאַן-רעמאָ, דער צווייטער פון ווינסטאָן טשערטשיל, בעת זיין א"י-דיקן באַזוך, דער דריטער— פון הערבערט סאמועל דעם 3-טן יוני. ווען מיר וועלן לאָזן אין אַ זייט דעם טאָן, וועגן וועלכן מיר וועלן נאָך רעדן באַזונדער, קאָן מען רויק זאָגן, אַז צווישן דעם אינהאַלט פון די דאָזיקע דריי פירושים איז קיין סתירה נישטאָ; נאָך מער — זיי האַרמאָנירן אַלע מיט דעם נוסח פונם מאַנדאַט, ווי ער איז פאַרעפנטלעכט אינם פראָיעקט פון דער ענגלישער רעגירונג.

די אַנטשיידנדע פראַגע וועגן סכום פון פאָליטישע רעכט ווערט פאַרענטפערט דורך טשערטשילס ווערטער וועגן „אַ נאַציאָנאַלער היים" במקום „דער נאַציאָנאַלער היים". באָלס און סאמועל האָבן דאָס זעלבע געזאָגט, אָבער אין אַ ווייניקער געשפיצטער פאָרם. באָלס האָט דאָס אויסגעדריקט מיט די ווערטער, אַז קיין יידישע רעגירונג וועט אין א"י קיינמאָל נישט זיין, כל-זמן ענג-לאַנד האַלט דעם מאַנדאַט אין אירע הענט. בערך אינם זעלבן נוסח האָט גערעדט סאמועל.

צווישן די פירושים פון אַלע דריי דעקלאַראַציעס וועגן יידי-שער אימיגראַציע איז אויך נישט פאַראַן קיין וועזנטלעכע סתירה. באָלס האָט געזאָגט, אַז די אימיגראַציע וועט צוגעלאָזט ווערן אין דער מאָס, אין וועלכער ס'וועלן וואַקסן די ווירטשאַפטלעכע כחות פונם לאַנד. טשערטשיל האָט פאַרזיכערט, אַז די אימיגראַציע וועט פאָרקומען פאַמעלעך. ער האָט גערעדט וועגן די שוועריקייטן פון יידישער קאָלאָניזאַציע און האָט אפילו נישט באַהאַלטן זיינע ספקות, צי וועלן די ציוניסטן זיין אימשטאַנד זיי גובר צו זיין. סאַמועל האָט בלויז אריינגעלייגט אין דער דאָזיקער אַלגעמיינער פאָרמולע אַ קאָנקרעטן אינהאַלט.

די רעגולירונג פון א־מיגראַציע, וואָס ווערט איינגעפירט דורך סאַמיועלן, באַדייט אויך נישט קיין שום שרײַענדע סתירה צו דער ביז אַהעריקער פּאָליטיק. פּאַקטיש איז דאָך די אימיגראַציע סיי ווי באַשרענקט. אָבער במקום קלאָרע יורידישע גאַרמען, ווערט זי באַשטימט דורך דעם ווילקיר און קאַפּריזן פון אַזעלכע פאַרזאָרגער, ווי ד"ר צווייג און קאַמפּ. ס'איז פּיליכט אַ געשמאַק־זאַך, אָבער אויב ס'איז שוין דאָ אַ האַנט, וואָס קאָן פאַרווערן א יידן צו קומען אויף זיינע אייגענע מיטלען אין זיין „נאַציאָנאַלער היים"—ווער איך שטענדיק באַפאָרצוגן, ס'זאָל זיין אַ נ י ש ט י י ד י ש ע האַנט. אינם מאָמענט, ווען די ציוניסטישע מנהיגים האָבן גענומען אויף זיך די פינסטערע ראָלע בודק צו זיין די כשרקייט פון די יידישע אימיגראַנטן, האָבן זיי פאַקטיש זיך אָפּגערוקט פון דעם אידעאַל פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים. כ'בין זיכער, אַז טויזנטער אימיגראַנטן און חלוצים, במקום צו האָבן צו טאָן מיט די קאַפּריזן פון די ציוניסטישע טיר־היטער, וואָלטן געוואָלט בעסער האָבן צו טאָן מיט אַן ענגלישן קאָנסול, וואָס ווערט צוקומען צו זיי מיט באַשטימטע רעגעלן אין דער האַנט. ווען ענגלישע בעאַמטע איבערטרעטן די גרענעץ פונם געזעץ, ווערט מען לכל הפחות קאָנען פּראָטעסטירן, און אָפּטמאָל ווערט די געזעלשאַפטלעכע מיינונג זיך צוהערן צו אונזער שטים...בעת אָבער די שמוציקע „אָכראַנקע"־אַרבעט ווערט געמאַכט פון אַ יידישן פאַרזאָרגער אונטער דער בלוי־ווייסער ציוניסטישער פאָן, זענען יידן מאַכטלאָז.

אויב סאַמיועלס ערקלערונג וועגן דער אימיגראַציע מיינט אויף אַזאַ אופן דאָס אָפּשאַפן פון דער ציוניסטישער פּאַס־קאָנטראָל איבער דער אימיגראַציע, איז דאָס אפשר דער איינציקער ליכטיקער שטראַל אין דער טונקל־פינסטערער נאַכט.

וואָס איז נוגע דעם א י נ ה א ל ט פון די אימיגראַציאָנס־באַשרענקונגען, וועלכע סאַמיועל האָט אָנגעקינדיקט, איז שווער וועגן זיי עפּעס צו זאָגן. אַלץ איז אָפּהענגיק פון די קאָנקרעטע אינסטרוקציעס, וואָס וועלן זי באַגלייטן. ביי אַ נאָרמאַלער באַציונג קאָנען אויף זייער סמך אַריינקומען פיל מער אימיגראַנטן, איידער ס'פלעגן ביז אַהער קומען ביי דער „פרייער" אימיגראַציע. אויב אָבער מען ווערט זיך שטעלן דעם קלאָרן צוועק צו פאַרקלענערן די יידישע אימיגראַציע, קאָן מען דאָס טאָן סיי מיט סאַמיועלס רעגעלן, סיי אָן זיי. האָט מען דאָך באַלד נאָכן יפוער פּאָגראָם אָן שום געזעץ און אָן שום רעכט אומגעקערט שוין פון ארץ־ישראל הונדערטער אימיגראַנטן, וואָס האָבן געהאַט אין זייערע הענט פולשטענדיק לעגאַלע פּאַפּירן און די אויסדריקלעכע ערלויבניש אַריינצוקומען קיין פּאַלעסטינע.

אויף אַזאַ אופן קומען מיר צום אייספיר, אַז סאַמיועלס

דעקלאַראַציע לויט איר אינהאַלט, שאַפט נישט קיין נייעם צו־שטאַנד, וואָס זאָל זיין אין פולער סתירה מיטן פריערדיקן. און דאָך איז דער ארץ־ישראלדיקער ישוב פולשטענדיק גערעכט, חען ער האָט גלייך דערזען אין סאַמיועלס דעקלאַראַציע אַ שווערן קלאַפּ פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע — ווייל דאָס אַנטשיידנדע · אין סאַמיועלס דעקלאַראַציע איז דער טאָן, און דער טאָן מאַכט, באַ־קאַנטלעך, די מוזיק.

אין תּוך גענומען האָט טשערטשיל דאָסזעלבע געזאָגט. אָבער טשערטשיל האָט גערעדט פאַרן פּאָגראָם און סאַמיועל נאָך — אים־טשערטשילס ערקלערונג האָט נישט געהאט קיין ווערטער פון חני־פה צו די העברעישע עפענדיס און זיין סטיל איז געווען אַ זיכע־רער. און דווקא דער דאָזיקער טאָן האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק אויף דער עפנטלעכקייט, נישט קוקנדיק אויפן אינהאַלט פון דער רעדע און דער פערזאָן פון דעם רעדנער. סאַמיועלס דעקלאַראַציע איז, פאַרקערט, געווען אַ לויב־געזאַנג פאַר די אַראַבישע אַנפירער וועלכע האָבן אַראָפּגענומען די מאַסקע בשעתן פּאָגראָם אין יפו. חניפה און פאַרענטפערונג זענען די הויפט־שטריכן פון דער דאָ־זיקער ערקלערונג.

ווען דער גענעראַל באָלס, דער געטרייער אָנהענגער פון דער אַראַבישער באַוועגונג, האָט אָפּגעגעבן זיין פירוש צו באַל־פורס דעקלאַראַציע, האָט ער אויך געלאָזט הערן אַ סאַך ווערטער, וואָס האָבן געמאַכט אַ דריקנדן רושם אויפן יידישן יישוב. אָבער אין איין פונקט האָט ער דערפילט זיין פליכט אַלס באַהערשער פונם לאַנד: ער האָט מיט זיין שטאַרקן מיליטערישן טאָן צו וויסן געטאָן, אַז ער וועט מער נישט דערלויבן קיין אומרוען און שטרענג באַשטראָפן די „שטערער פון אָרדנונג". די אַראַבישע נאָטאַבלען האָבן דערפילט די קראַפט פון ענגלישן אימפּעריאַליזם און געמוזט איינ־צוימען אַביסל זייערע אינסטינקטן. סאַמיועל האָט עס געזאָגט נאָך די בלוטיקע טעג אין יפו און אין די קאָלאָניעס, און די אַראַבער האָבן דערפילט אין דער דעקלאַראַציע די קראַפט פון זייערע פּאָג־ראָמשטשיקעס. דאָס קאָן פאַרשטאַרקן זייערע תּשוקות און דערוועקן דעם געדאַנק, אַז זייער פּאָגראָם־שליחות איז נאָך נישט פאַרענדיקט, און דאָ שטעקט די סכּנה.

---

און דאָך ליגט דער שווערפּונקט פון דער לאַגע, אַפילו איצט נאָך דער טרויעריקער סאַמיועל־דעקלאַראַציע, אין יידישע הענט. וועלן זיך געפינען יידישע כּוחות, און בפרט פון די אַרבייטנדע מאַסן, וואָס וועלן אין דער נאָענטסטער צייט אָנפירן אין לאַנד אַ ממשותדיקע קאָלאָניזאַציע־אַרבעט — דאַן קאָן נאָך די לאַגע

ג ראַטעוועט ווערן. אויב נישט, איז זי זייער, זייער טרויעריק.

איבּ די יידישע שאַפונג וועט אויסקוקן ווי ביז היינט, וועט אין לאַנד קודם - כל זיך איינוואָרצלען אַ שטאַרקער אַנטיסעמי־טיזם. עד היום איז ער נישט געווען. ס'איז געווען, באַזונדער, אין די לעצטע פּאָר יאָר, אַ שנאה צו יידן, אָבער זי האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ האַס צווישן גלייכשטייענדע פעלקער. אַזוי האָסן, למשל, די טשעכן אין בעמען זייערע דייטשע שכנים.

דער אַנטיסעמיטיזם איז עפּעס אַנדערש. ער איז נישט נאָר שנאה, נאָר בעיקר פאַראַכטונג. שנאה צווישן גלייכע, אַפילו די שטאַרקסטע, קאָן ביי בעסערע היסטאָרישע באַדינגונגען פאַרשווינדן, און אָפטמאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַכטונג און קעגנזייטיקער פריינטשאַפט. פאַראַכטונג איז טיפער און שטאַרקער; ס'ווערט איבּערגעגעבן פון דור צו דור און ווערט נישט גרינג אויסגעמעקט אַפילו דורך דער העכסטער קולטור.

ביז איצט האָט מען אונז אין ארץ־ישראל געהאַסט, אָבער נישט פאַראַכטעט. און דעריבער איז דאָס סוביעקטיווע גלות־געפיל דאָ נישט פאַראַנען געווען.

דער שטילשטאַנד פון יידישער קאָלאָניזאַציע, די האַלטונג פון די ציוניסטישע מנהיגים, וואָס וואַקלט זיך צווישן פּראָוואָקאַציע און פחדנות און די לעצטע טאַטן מצד דער רעגירונג,—זיי זענען בכח איינצופלאַנצן דאָ אַן אַנטיסעמיטיזם פון אייראָפּעישן שניט.

און דאָס איז אין ארץ־ישראל אַ געוואַלטיקערע געפאַר, איידער ערגעץ אַנדערשוו.

אין ארץ־ישראל קאָנען די יידן אַלס מיעוט נישט עקזיס־טירן...*) ערשטנס שפּילן זיי קיין שום ראָלע נישט אין דער אַרומיקער אַראַבישער ווירטשאַפט. דער דאָזיקער פאַקט, וואָס איז דער וויכ־טיקסטער סימפּטאָם פון טעריטאָריאַליזם, דערשווערט זייער דוי־ערנדע עקזיסטענץ, אַלס מיעוט, צווייטנס זענען יידן געקומען אין לאַנד אַלס עראָבערער, מיט צובלאָזענע דעקלאַראַציעס און שרייענדע פּלענער. אויף אוקראַינע אַלס אַזעלכע האָבן זיי נישט קיין פּרעטענזיעס; אויף ארץ־ישראל—יאָ. און מען האָט דוקאָ אַלע כוחות געלייגט, כדי ס'זאָל נישט זיין קיין איין מענש אין דער וועלט, וואָס זאָל וועגן דעם נישט וויסן. מען האָט זיך אַוועקגע־שטעלט נישט אַלס אַ מיעוט, וואָס פּאַסט זיך צו צום לאַנד, נאָר אַלס אַ באַלאַגערונגס־אַרמיי, וואָס גרייט זיך צו פאַרנעמען אַ פעסטונג. אַ באַלאַגערונגס־אַרמיי קאָן אָבער נישט אויף תמיד בלייבן הינטער די ווענט. אָדער זי גייט אַריין אין שטאָט, אָדער זי טרעט צוריק. קיין דריטער אויסוועג איז נישטאָ. דער דריטער

*) סיידן ווען מען זאָל רעכענען אויף אייביקן אויסערלעכן שוץ; כ'מיין אָבער, אַז אַפילו דער נאַיווסטער בעל־הבית וועט איצטער אַזוי נישט דענקען.

אויסהעג איז פאַרניכטונג.

די נויטווענדיקייט פון אינטענסיווער קאָלאָניזאַציע שטאַרקט זיך אויף אַזאַ אופן נישט נאָר מחמת ס'איז נייטיק צו פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל פון אַ יידישן צענטר, נאָר אויך כדי צו דערהאַלטן און רעטן דעם שוין פאַראַנענעם ארץ־ישראלדיקן ישוב.

---

מיר האָבן זיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה, צו זאָלן מיר שרייבן די דאָזיקע גרויזאַמע שורות. דאָס האַרץ הייסט שווייגן, ליכטיקער מאַכן די פאַרבן, שאַנעווען די אילוזיעס פון מיליאָנען אומגליקלעכע. אָבער דער מח הייסט זאָגן דעם אמת, דעם פולן אמת און בלויז דעם אמת. מיר גלייבן נאָך אין די כוחות פון די ברייטע יידישע מאַסן, און מיר גלייבן, אַז דוקאָ דער ביטערסטער אמת קאָן אונז צווינגען צו טאַט, צו אַרבעט, צו אַ געוואַלטיקער קראַפט־אָנשטרענגונג, וואָס איז באַפרייונג און רעטונג אין איין צייט.

